# פראָלעט-שטיפער

פון

## מאָרדכע קויפמאַן



פאַרלאַג
„רויטע פעדים"
ניו יאָרק 1934

טרויער ? —
פאַסט ניט אונזער פּאַנים !
אומעט ? —
עקבערט און פאַרפּיינט !
טרערן ? —
זאָלן וויינען סאָנים,
לאָמיר לאַכן, מיינע פריינט !
— — — — — — — — — —
קוקט :
ווי אַלטע וועלטן קראַכן
ווי עס גייט אָף זיי די נאַכט.
לאָמיר לאַכן !
לאָמיר לאַכן !
דער געלעכטער העלפט אין שלאַכט !

איציק פעפער

א מ א ט אָ נ ע
דער „מאָרגן־פרייהייט"
אין וועלכער איך האָב אָנגעהויבן
מ י י ן פ ר אָ ־ ל י ט א ר ב ע ט
און זיך געדרוקט די גאַנצע צייט

# דער לינקער וועק־זייגער

גערווידמעט ארנאָלדן

דעם ערשטן טאָג פון דרעס־סטרייק, וואָס דער פאַראייניקטער סטרייק־קאָמיטעט מיט דער אינדוסטריעלער יוניאָן האָבן פּאַררופן, איז בערל בולוואַן, אָדער ווי מ׳רופט אים: בערל זשוליק, אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט אַ גוט־אויפגעלייגטער. ווי נאָר ער האָט די טיר גע־עפנט האָט זיין קליין שוועכ־וואַגיק ווייבל געפרעגט:

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט?

— געאַרבעט „אָווערטיים“.

— וואָס עפּעס מיט איינמאָל?

— די לינקע, פּאַרשטייסטו מיך, האָבן עפּעס גערופן אַ סטרייק, זיינען די אַרבעטער פון מיין באָס׳ קאָנטראַקטאָר אַרונטער אין סטרייק, נו, האָבן מיר איצט אַ סאַך אַרבעט.

— האַלוואַי העלפט גאָט, — מאַכט די אידענע, — אַז די לינ־קע זאָלן סטרייקן וואָס לענגער...

— האַלוואַי, — כאַפּט אונטער בערל זשוליק, — פון דיין מויל אין גאָטס אויערן...

ס׳עפנט זיך די טיר און ס׳קומט אַריין זייער זון אַרנאָלד, אַ יאָר 13 אַלט, אַ פּיאָנער, נאָר אין הויז ווייסט מען ניט דערפון. דאָס ערשטע האָט ער געפרעגט:

— וואָס הערט זיך מיט׳ן סטרייק, פּאַ?

— סטרייק „מאַי אַי“ — ענטפערט אים דער פאָטער — ניטאָ קיין סטרייק.

— הייסט עס, אַז דו סקעבסט?...

— יענטע העניע, וואָס איז דאָס?! הא?...

— כ׳זאָל אַזוי וויסן פון שלעכטס.

— העי, קאַדיש מיינער, האָסט זיך אויך שוין אָנגעשטעקט מיט דער לינקער קרענק ?!

— פאַר סקעבן צעברעכט מען די ביינער. ווייסט דאָס כאָטש. פֿאַ ?

— ווער, דו ווערסט עס עפּשער טאָן ?!

יענטע העניע! כ׳וואָלט שווערן, אַז ער אַליין קען אַזאַ זאַך טאָן, דער בענאָק מיינער. שלאָגן אַן אייגענעם טאַטן.

אַרנאָלד האָט ניט געענטפערט און איז אַריין צו זיך אין צימער.

ווען ס׳איז געוואָרן שפּעט האָט בערל בולוואַן געזאָגט צו זיין אידענע:

— איצט, יענטע העניע, שטעל אַן דעם „אַלאַרם־קלאָק" (וועק־זייגער) ער זאָל קלינגען פונקט פינף. ווייל מיר דאַרפן מאָרגן קומען פריער פון אַלע מאָל, קעדיי די לינקע זאָלן אונז ניט שטערן באַם אַרויפגיין אין שאַפּ אַריין.

— ס׳וואָלט שוין צייט געווען זאָלסט זיך אויסלערנען אַליין אָנ־שטעלן דעם זייגער.

— דו ווייסט דאָך, אַז וויפיל מאָל איך האָב פּרובירט, האָט ער זיך ניט צעקלונגען פונקט אין צייט, וואָס כ׳האָב געוואָלט.

— נו, פּרוביר איצט, לאָמיר זען.

— פונקט איצט — האַ ?

— יאָ! פונקט איצט וויל איך, אַז דו זאָלסט פּרובירן.

און אַז יענטע העניע שפּאַרט זיך איין מוז בערל זשוליק פאָלגן. און ער האָט זיך גענומען פּאָרען מיטן וועק־זייגער:

— יענטע העניע! גיב כאָטש אַ קוק. גוט אַזוי ?

— גוט. ווי וואַר איך לעב, דו זעסט, אַז מען וויל קען מען. זיי האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

אַרנאָלד האָט די גאַנצע צייט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך וועגן וועק־זייגער און ווען ער האָט דערהערט אַ שטאַרקן שנאָרכן, איז ער שטילערהייט אַף די שפּיצפינגער אַריין אין שלאָף־צימער, וואו טאַטע־מאַמע זיינען געשלאָפן צו זען ווי שפּעט ס׳איז. ס׳איז געווען

פינסטער, נאָר די ראַדיום־ציפערן פון וועק־זייגער האָבן אַרויסגעלויכטן
אין דער טונקל פון צימער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ניט דאָס שטאַרקע קלינגען פון מילך־מאַן, וועלכער איז גע־
קומען מ׳זאָל אים באַצאָלן דעם „ביל“, וואָלטן זיי פאַרשלאָפן ביז
שפּעט אין טאָג אַריין.

— הם, — האָט בערל בולוואַן זיך אויפגעכאַפּט פון זיין גע־
שמאַקן שלאָף. האַלב פאַרשלאָפן האָט זיין רעכטע האַנט זיך אויס־
געצויגן צום וועק־זייגער, און מיט דער לינקער האַנט האָט ער גע־
שטורקעט זיין אידענע:

— יענטע העניע! הויב זיך אויף מאַכן „ברעקפעסט“. כ׳דאַרף
גיין אין שאַפּ, ס׳איז שוין ליכטיג אין דרויסן — ער האָט זיך גע־
נומען אָנטאָן.

— אַ בראָך איז צו מיר! — האָט די אידענע אויסגעשריען —
גיב נאָר אַ קוק, דער זייגער איז נאָך צוועלף.

— וואו — עס?! — האָט בערל בולוואַן אויסגעגלאָצט אַף
זיין אידענע און אַפן וועק־זייגער אַ פּאָר קעלבערנע אויגן, — איך
האָב דאָך אים ריכטיג אָנגעשטעלט. דו אַליין האָסט דאָך אים באַ־
טראַכט. ס׳מוז זיין אַ טאָעס, יענטע העניע...

— ס׳איז שוין גאָר קיין טאָעס ניט. אָט אַזוי האָסטו אים אָנ־
געשטעלט — שלימאַזל מיינער!..

— כ׳האָב דאָך דיר געבעטן זאָלסט אים אַליין אָנשטעלן, האָסטו
זיך איינגעשפּאַרט, אַז נאָר איך זאָל עס טאָן! פּונקט אין אַזאַ צייט...

אַ צעהיצטער איז ער אַרויס פון הויז.

ווען בערל זשוליק איז געקומען אין שאַפּ אַריין איז שוין גע־
ווען נאָכמיטאָג. דער שאַפּ איז געווען אין פולן גאַנג.

— קוקט נאָר ווער ס׳איז דאָ! — האָט דער באָס אויסגערופן
— ביסט אַוודע געקומען אַרונטערנעמען דעם שאַפּ אין סטרייק —
האַ, בערל?!

— וואָס רעדט איר?!

— וואו ביסטו געווען דעם גאַנצן פרימאָרגן?

— זיך פאַרשלאָפן.

— פאַרשלאָפן זיך אין דער לינקער יוניאָן, הא! מיר ווייסן אייערע פוילע טיירוצים. קום אין אָפיס, וועל איך דיר באַצאָלן וואָס דיר קומט.

— וואָס רעדט איר?

— אָט וואָס דו הערסט, קענסט בא מיר מער ניט ארבעטן, קיין לינקע דארף איך ניט.

— ווער מיר לינקער! וואָס מיר לינקער! כ'בין ניט קיין לינקער!

— כ'זאָג אייך! — שרייט בערל זשוליק, — ס'אי ניט מיין שולד. דעם וועק־זייגערס שולד, ער האָט זיך היינט ניט צעקלונגען.

— אַלע מאָל קלינגט ער, — מאַכט דער באָס, — נאָר פונקט היינט, ווען די לינקע זיינען אין סטרייק, האָט ער זיך ניט צעקלונגען. ס'קוקט אויס, אַז דער זייגער דיינער איז אַ לינקער וועק־זייגער.

— ס'קוקט אַזוי אויס — רעדט בערל זשוליק טאַמעוואַטע.

— אומזיסט דיין ריידן, קענסט דאָ מער ניט אַרבעטן.

ווען בערל זשוליק איז אַן אויפגערעגטער אַהיימגעקומען, איז ער גלייך צו צום וועק־זייגער און מיט רעציכע עס אַ שליידער געטאָן אַף דער פאָדלאָגע.

— וואָס איז דאָס? — האָט די אידענע אַ דערשראָקענע אַ געשריי געטאָן.

— דער וועק־ווייגער... — האָט בערל זשוליק ארויסגעשטאַמלט

— איך זאָג דיר יענטע העניע, אַז אין דעם שטעקט אַ לינקע האַנט!..

— מאַכסט אַ טאָעס, פאַ — האָט אַרנאָלד שיר געוואָלט אויסשרייען — ס'איז מיין רעכטע האַנט.

# אין אָפּיס פון די דריי אַלעפן

קומט אריין אן עלטערער כאוועד אין אָפּיס פון אינטערנאַציאָ־נאַלן אַרבעטער אָרדן און פרעגט:

— איז דאָס דער אָפּיס פון די דריי אַלעפן (א. א. אַ.)?

— יאָ! — ענטפערט מען אים — וואָס פארלאַנגט איר כאוועד?

— איך וויל זיך פארשרייבן.

מיט פארגעניגן, כאוועד, זיצט.

דער כאוועד זעצט זיך אוועק. באַטראַכט דעם אָפּיס, עפּעס קוקט ער אים אויס פרעמד, ניט ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט דעם אָפּיס פון א. אַ. אָ.

— אייער נאָמען, כאוועד?

— אזוי און אזוי.

— אייער פרוי אויך פארשרייבן?

— ווער מיר פרוי, וואָס מיר פרוי, כ׳האָב ניט קיין פרוי. כ׳בין צעפרידן, אז כ׳קען זיך אַליין דערנערן. און אז כ׳וואָלט יאָ גע־האַט א פרוי, וואָס האָט זי צו טאָן מיט מיין פארשרייבן זיך, הא?

— נו, אויב איר האָט ניט, איז ניטאָ וואָס צו ריידן. — קינ־דער האָט איר?

דער כאוועד גלאָצט אויס א פּאָר פארכידעשטע אויגן און זאָגט:

— כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט, אז כ׳האָב נישט קיין פרוי... טאָ ווי קען איך האָבן קינדער?

נאָר אויב כ׳וואָלט יאָ געהאַט קינדער, טאָ וואָס האָבן זיי צו טאָן מיט מיין פארשרייבן זיך? אגאוו, איז דאָס דער אָפּיס פון די דריי אַלעפן?

— זיכער, כאוועד, — נו, אויב איר האָט ניט קיין קינדער, איז ניטאָ וואָס צו ריידן — אנטשולדיגט...

— אַנשטאָט פרעגן מיך די אומגעלומפּערטע פראגן — מאַכט דער כאוועך — זאָגט מיר בעסער, וויפיל דארף עס מיר קאָסטן און ווי זיינען עפּעם די צאָלונגען ?

— קאָסטן וועט אייך לויט די בענעפיטס און די צאָלונגען זיי־נען אַלע דריי מאָנאַטן.

די בענעפיטס האָט דער כאוועך פארהערט. מאַכט ער :

— יעדן קווארטל הייסט עס ? ניט שלעכט. וויפיל דארף איך איצט איינצאָלן ?

— איין דאלאר בלויז, פאַרן דאָקטאָר.

דער עלטערער כאוועך טוט ווידער אַ בליק מיט זיינע נאָך מער פאַרכידעשטע אויגן :

— צו וואָס אַ דאָקטאָר ?!

— צו זען אויב איר זייט ניט קראַנק...

— איך בין געזונט ווי אַן אייזן ! כ׳בין נאָך קיינמאָל ניט קראַנק געוועזן.

— מיר גלויבן אייך, אַז איר זייט געזונט, מיר קענען אָבער קיינעם ניט אריינגעמען אָן אַ באַשטעטיגונג פון אונזער דאָקטאָר. אמאָל ווייזט זיך ארויס, אַז כ׳ווייס....

פון דעם ענטפער, איז דער עלטערער כאוועך געבליבן זיצן פּריטש־מעליעט : ווער ווייסט, — האָט ער זיך געטראַכט, — שוין טאַקע לאַנג ניט געוועזן בא קיין דאָקטאָר.

— וואָס דענקט איר צו טאָן ?

— נו, פאַרפאַלן... אויב ס׳קען אַנדערש ניט זיין איז דאָך ניט שייך. באַזונדער איז טאַקע גאַנץ גוט צו אונטערזוכן. עפּשער איז עמיצער קראַנק, כאַוויירים זיצן צוזאַמען, דארף מען פאַרהיטן, מ׳זאָל זיך כאָלילע ניט אָנשטעקן איינער פון דעם צווייטן.

— איצט, — מאַכט דער כאוועך פון אָפּיס — זאָגט, איר ווילט באַלאַנגען צום דאָקטאָר, אָדער ניט?

— איך וועל אייך זאָגן דעם ריינעם עמעס: איר האָט מיר שוין אביסל איבערגעשראָקן. טאָ פאַרשרייבט שוין אַ דאָקטאָר.

— מיט קראַנקן־בענעפיט צי אָן קראַנקן־בענעפיט ?

מיילע זאָל אויך זיין מיט קראַנקן־בענעפיט !

— איצט האָבן מיר עטלעכע קלייניקייטן — מאַכט דער כאַווער פון אָפּיס — און רעכנט אויס: ווי אינשורענס, פיונעראַל און...

— וואַרט! — שרייט אויס דער עלטערער כאַווער און שפּרינגט אויף פון זיין פּלאַץ — צו וואָס פאַרשרייבט איר מיר עפּעס אַזעלכע טויטע געגנשטאַנדן? איך וויל לעבעדיקע געגנשטאַנדן, איך וויל: מאַרקסיזם, לעניניזם, דריי אינטערנאַציאָנאַלן, געשיכטע פון דער באָל־שעוויסטישער רעוואָלוציע, היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, פּאָליטישע עקאָנאָמיע, א. ב. פון קאָמוניזם, מאַרקס' קאַפּיטאַל.

— וואַרט נאָר כאַווער, זאָגט מיר וואָס איר ווילט?

— איך וויל זיך פאַרשרייבן אין אידישן ארבעטער אוניווער־זיטעט.

— טאָ צו וואָס זייט איר צו אונז געקומען?

— וואָס! דאָס איז דען ניט דער אָפּיס פון א. א. א.?

— יאָ, דער אָפּיס פון א. א. א., פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן, אָבער ניט דער אָפּיס פון א—ידישן א—רבעטער א—וניווערזיטעט.

# דענקען

אין א קלוב, בא א לעקציע, האָט א לעקטאָר געוואָרנט: מ׳זאָל פאַרבייטן דאָס טראַכטן אױף דענקען. פון דאמאלט אָן האָט רוט אויפמערקזאַם געמאַכט איר דענקונג־אַפּאַראַט, עס אין זינען האָבן.

א געוויסן טאָג, ווען רוט האָט געזוכט א דזשאָב, האָט זי באַמערקט א שילד, אַז מען דאַרף אַרבעטער. זי איז לאַנג געשטאַנען און נאָכגעדענקט, צי זי זאָל אַרויפגיין.

ס׳איז א רעכטער שאַפּ, וואו קיין רעכט־דענקענדער מענטש קען דאָרט ניט אַרבעטן. דאָרט אַרבעטן עמעסע שקלאַפּן. די אַרבעטער זיינען דאָרט ניט קיין מענטשן, נאָר אויטאָמאַטישע מאַשינען...

ס׳שאַדט ניט צו פּרובירן — האָט זי בא זיך געטראַכט... גע־דענקט — און אַרויף אין שאַפּ.

— איר זייט א „יוניאָן־ליידי“? — האָט דער באָס דאָס ערשטע געפרעגט.

— זיכער.

— טאָ ציינט מיר אייער יוניאָן־ביכל.

— מיין יוניאָן־ביכל ווילט איר? — פרעגט זי איבער.

— יאָ! יאָ!

זי מאַכט זיך טאַמעוואַטע, נעמט זוכן אין די טאַשן. פאַרשטייט זיך, אַז אזא יוניאָן־ביכל ווי ער האָט געוואָלט, האָט זי ניט געהאַט.
— איך דענק — זאָגט זי — אַז כ׳האָב עס פאַרגעסן אינדער־היים.

— אָלרייט, — זאָגט דאָס דריבנע באָסל, וואָס האָט אַפּאָנים ווי א ווערימדיקער אַרבעס, — זעצט זיך אַרבעטן, נאָר פאַרגעסט ניט מיר צו ברענגען אייער ביכל — ער זוכט עפּעס — יאָ, ווי איז אייער נאָמען?

— מיין נאָמען ווילט איר? — זי מאַכט זיך ווידער טאַמעוואַ־טע, און אין דער זעלבער צייט טראַכט... דענקט זי, וואָס פאַר אַ נאָ־מען אים אָנצוגעבן.

אַף די געדאַנקען קומט איר איר שיינע סערע, וועלכע זי דענקט, וועט איר באָרגן איר רעכטן יוניאָן־ביכל. געדענקט זי אָבער ניט איר צווייטן נאָמען.

— איר געדענקט ניט אייער נאָמען? — פרעגט דאָס דריבנע באָסל.

— זיכער געדענק איך.

— טאָ פאַרוואָס דענקט איר אַזוי פיל?

— איר פאַרשטייט, — זאָגט זי — איך בין פאַרהייראַט. גע־דענק איך ניט אַף וועלכן נאָמען דאָס ביכל איז אַרויסגענומען גע־וואָרן: צי אַף מיין מאַנס נאָמען, אָדער נאָך אַף מיין מיידלשן נאָמען.

— טאָ גיט מיר אייער ערשטן נאָמען.

— סערע איז מיין ערשטער נאָמען.

דער באָס האָט זי אַריינגעפירט אין שאַפּ. זי האָט באַמערקט, אַז די אַרבעטער האָבן צווישן זיך געהאַט געאַמפּערט און געקריגט. נאָר ווי זיי זיינען אַריין אין שאַפּ, איז שטיל געוואָרן. אַן אומצופרי־דענע האָט זי זיך געזעצט אַרבעטן.

עטלעכע שאָ איז געווען שטיל אין שאַפּ. די אַרבעטער האָבן צווישן זיך קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. זי האָט באַ זיך געטראַכט... געדענקט — אַז דאָס איז צוליב איר, אַ נייע האַנט — זיי ווייסן ניט ווער זי איז — שווייגן זיי.

אַביסל שפּעטער איז אַריינגעקומען דאָס דריבנע באָסל, אַ דריי־געטאָן די פיגור, קענטיק אַז ס'איז אים עפּעס ניט געפעלן, און אויס־געררופן:

— סערא! סערא!

אַזוי אַ צענדליק מאָל, אַלץ העכער און העכער. זי האָט גאָר געהאַט פאַרגעסן, אַז איר איצטיקער נאָמען איז סערא, אַז דאָס רופט ער איר. דאַן איז ער אַ צעהיצטער צו איר צו, און מיט געבייזער אויסגעשריען:

— איר זייט טויב!... איך רוף אייך שוין א פּאָר צענדליק מאָל, און איר רופט זיך ניט אָפּ.

— איך בין טאַקע עטוואָס טויב — פאַרענטפערט זי זיך — כ׳הער ניט פון דערווייטנס. דערצו נאָך ווען מאַשינען רוישן. — וואָס האָט איר געוואָלט פון מיר?

— איך זע, — זאָגט דער באָס — אַז איר קענט אַרבעטן, נאָר איר זייט ניט פּאָרזיכטיק אין אייערע שטעך. מאַכט קלענערע שטעך — און דאָס דריבנע באָסל איז פאַרשוואונדן פון שאַפּ אַרויס.

ווי נאָר ער איז אַרויס, האָבן די אַרבעטער צווישן זיך אָנגע־הויבן ריידן. אַפּאָנים, אַז זיי האָבן דערהערט, אַז זי איז טויב, מעגן זיי זיך שוין פאַרגינען צו ריידן.

אַ דאַנק איר געמאַכטער טויבקייט, האָט זי באַלד אויסגעפונען זאַכן, וואָס אַ הערנדיקער וואָלט זיכער אַזוי געשווינדט ניט אויסגע־פונען. די הויפּט־זאַך, אַז דער שאַפּ איז פול מיט פּולווער, אַז איין שוועבעלע קען עס אָנצינדן. און זי האָט באַשלאָסן בא זיך צו אַרבעטן ביזן סטרייק. עס וועט איר עפשער געלינגען זיי אַרונטער־צונעמען אין סטרייק — האָט זי בא זיך געטראַכט... — געדיינקט.

אַף מאָרגן איז זי געקומען אין שאַפּ מיטן ביכל, וואָס איר שכיינע האָט איר געבאָרגט. און אַלע האָבן איר גענומען רופן סערע, און אַלס צונאָמען די „טויבע סערע". זי האָט שוין אויך געהאַט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי צו רעדן מיט די אַרבעטער.

די פּראָפּאַגאַנדע אַרבעט איז געגאַנגען גאַנץ נישקאָשעדיק.

ס׳איז איר געלונגען אַריבערגעווינען דעם טשערמאַן און אַ גרויסע צאָל אַרבעטער אַף איר זייט.

דאָס דריבנע באָסל האָט אָבער אויסגעפונען וועגן איר פּראָפּאַ־גאַנדע אַרבעט. אינם טאָג פון סטרייק, אינדערפרי, איז ער צו איר צו און געבערענט ווי אַ צעצונדן שוועבעלע.

— איר וועט בא מיר ניט אַרבעטן! — שרייט ער — קיין טויבע „טראָבל"־מאַכער דאַרף איך ניט! איך קען קריגן אַרבעטער מיט אַלע כושים!

— שרייט ניט! — רופט זי זיך אָפּ — אויב איר ווילט אַרבעטער מיט אַלע כושים, טאָ ווי קומט עס, וואָס איר האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן די אַלע אַרבעטער?

— וואָס הייסט פאַרוואָס? — פרעגט ער שוין עטוואָס שטילער — זיי האָבן דען ניט געהאַט אַלע כושים?

— זיכער ניט... זיי האָט ביז איצט געפעלט דער הויפּט־כוש — דער כוש צו דענקען.

— מיר דאַכט זיך, — ווענדט ער זיך שוין צו די אַרבעטער — אַז זי איז גאָרניט טויב. נאָר זי מאַכט זיך עס טויב... און „אַלבעטשאַ“ זי איז נאָך אַ קאָמוניסטקע אויך?

— געטראָפן, — זאָגט זי — און וועגן מיין טויבקייט, פאַר־דריסט מיך בלויז אייך זאַך: וואָס די איבעריקע דאָ אין שאַפּ זיי־נען אויך ניט אַזוי טויב ווי איך...

דער זייגער האָט זיך צעקלונגען 10. דער טשערמאַן האָט אָפּ־געשטעלט די עלעקטריק און אויסגערופן:

— סטרייק!

די אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט און זיך גענומען אָנטאָן.

— וואָס מיר סטרייק? ווער מיר סטרייק! — האָט דער באָס געשריען, — אונזער יוניאָן האָט דאָך דעם סטרייק ניט גערופן! זעצט זיך צוריק אַרבעטן.

די אַרבעטער האָבן ניט געענטפערט, נאָר זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

— איר זייט טויב?! — האָט דער באָס נאָך העכער זיך צע־שריען — פאַרוואָס ענטפערט איר ניט?!

— יאָ, מיר זיינען טויב — האָט דער טשערמאַן געענטפערט.

וואָס הייסט? — פרעגט דאָס דריבנע באָסל און גלאָצט אויס אַ פּאָר פאַרכידעשטע קעלבערנע אויגן — מיט איינמאָל גאָר טויב געוואָרן?...

— יאָ, זינט סערע איז אַרויפגעקומען אַרבעטן זיינען אַלע טויב געוואָרן — ענטפערט דער טשערמאַן — פון היינט אָן און ווייטער וועלן מיר זיין טויב, פּונקט ווי סערע — צו באָסעס און צו דער רעכ־טער יוניאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער שאַפּ איז אַרונטער אין סטרייק.

# א גוטער מיטל

כאווער סיימאָן פלעגט זיין פון די אַקטיווסטע מיטגלידער אין זיין בּרענטש, א. אַ. אָ. זינט ער איז אין בּרענטש, האָט ער ניט פאַר־פעלט קיין איין מיטינג. ער פלעגט אויך שטענדיג קומען אין צייט. באַם אהיימגיין פלעגט ער אָפט באַמערקן:

— א שאָד, וואָס אונזערע מיטינגען זיינען ניט יעדן פרייטיק... ס'איז דאָך פּאַשעט א פאַרגעניגן.

אוועק איז א מאָנאַט. כאַווער סיימאָנען האָט מען צו קיין מי־טינג ניט געזען. יעדער איינער האָט געוואוסט, אז ער פעלט. זיין אַפּוועזנהייט האָט זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. אַף יעדן מי־טינג האָבן כאַווירים זיך נאָכגעפרעגט וועגן אים, בּאַ זיין בּרודער, דער סעקרעטאַר פון בּרענטש.

— איך ווייס אַליין נישט, פאַרוואָס ער קומט ניט, — פלעגט יענער ענטפערן.

— א בּרודער זאָל ניט וויסן?

— כ'וויים אָבער פאָרט ניט...

סיימאָנס בּרודער האָט דאַווקע יאָ געוואוסט פאַרוואָס זיין בּרו־דער קומט ניט, נאָר ער האָט זיך פּאַשעט געשעמט דאָס אויסצוזאָגן. נו, גיי זאָג, אז די שולד ליגט אין א מיידל, אז זינט זיין בּרודער האָט זיך פאַרליבּט אין דער שוואַרצכיינעוודיקער ראָוז, פאַרנאַכלעסיגט ער ניט נאָר די בּרענטש־מיטינגען, נאָר אויך אַנדערע וויכטיקע זאַכן.

איינמאָל נאָך א מיטינג האָבן כאַווירים זיך געוויצלט:

— זעט אויס, — האָט איינער געזאָגט, — אז אַלע צו הייסע וואולקאַנען קילן זיך טאַקע געשווינט אָפּ.

— „אַלבּעטשאַ“, — מאַכט א צווייטער, — אז ער וועט נאָך אַרויס פון אונזער בּרענטש און צוריק אַריין אין אַרבּעטער־רינג.

— איר האָט אַ טאָעס, כאַווער! — האָט דער סעקרעטאַר זיך אָפּגערופן. — ער האָט מיר היינט צוגעשיקט אַ טשעק פאַרן נייעם קוואַרטל.

— אויב אַזוי, — האָט זיך אָפּגערופן דער הויפּט־שטיפער פון ברענטש, — טאָ פאַרשרייבט אייער ברודער צווישן די עטלעכע טויט־לעבעדיקע מיטגלידער, וועלכע מיר האָבן אין אונזער ברענטש.

דער סעקרעטאַר האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר געשמייכלט.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער איז אין דער שאַבעסדיקער „מאָרגן־פרייהייט" געווען אַן אַנאָנס:

„אַלע מיטגלידער פון ברענטש זיינען אויפגעפאָדערט צו קומען זונטיק, עלף אַזייגער צו דער לעוואַיע פון אונזער פאַרשטאָרבענעם כאַווער סיימאָן".

די כאַווירים, וועלכע זיינען געקומען צום ברענטש־מיטינג האָבן מיט זיך שוין געהאַט די שאַבעסדיקע „פרייהייט", און ס'האָט זיך דאָס עפּעס געטומלט:

— ס'ווילט זיך גאָרניט גלויבן, אַז כאַווער סיימאָן זאָל האָבן געשטאָרבן, — האָבן כאַווירים באַמערקט.

— אַז מען זאָגט געשטאָרבן, זאָל מען גלויבן, — האָבן אַנ־דערע געענטפערט.

דאָ איז אריינגעקומען דער סעקרעטאַר, אַלע זיינען געבליבן שטיל, מיט ארונטערגעבויגענע קעפּ.

— אָט דאָס הייסט אַ קעמפער, — האָבן כאַווירים צווישן זיך געשושקעט. — דער ברודער ליגט טויט און ער קומט צום מיטינג.

דער פּאָרזיצער האָט געעפנט דעם מיטינג און פאָרגעלייענט די פּונקטן פון טאָג־אָרדנונג.

— האָט ווער עפּעס צוצוגעבן צום טאָג־אָרדנונג? — האָט דער פּאָרזיצער געפרעגט.

— יאָ, כאַווער טשערמאַן! — האָט אַ כאַווער זיך אָפּגערופן, — כאַווער סיימאָנס לעוואַיע.

דאָ האָט זיך געעפנט די טיר. אַלע זיינען געבליבן זיצן ווי צעמישטע. אַ סאַך האָבן זיך אַביסל דערשראָקן אויך. כאַווער סיי־מאָן איז צו צו זיין ברודער און געפרעגט:

— וואָס איז דאָס? — אָנווייזנדיג אפן אנאָנס אין דער צייטונג.

— ס'איז דען ניט עמעס? — האָט דער סעקרעטאַר שמייכלענדיק געפרעגט.

— זיכער ניט!... איך לעב דאָך!...

— איצט זעען מיר דאָס, נאָר ביז איצט ביסטו פאַרן ברענטש געווען טויט, — האָט יענער געענטפערט.

אַלע כאַוויירים, ווי אויך די צוויי ברידער, האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט...

— איך מאַך אַ פאָרשלאַג, — האָט זיך אָפּגערופן אַ כאַווער, — אַז אָנשטאַט אַ לעוואַיע זאָלן מיר מאַכן אַ קאַבאַלעס פּאָנים פאַר כאַווער סיימאָן.

# ניט געראַטעוועט דעם דזשאָב

מאַרטינען אַליין וואָלט דאָס גאָרניט איינגעפאַלן (ווייל ס'דאַרף נעמען אַ סאַך צייט ביז מ'לערנט זיך אויס דעם פאַך), נאָר אַ פריינט זיינער, אַ שילדן־מאָלער, איז צו אים צוגעשטאַנען:

— מאַרטין, פאָלג מיך, נעם זיך לערנען שילדן־מאָלעריי. דיר וועט עס אָנקומען זייער לייכט זיך אויסצולערנען: האָסט אַ שיינע האַנטשריפט, קענסט אביסל צייכענען, דו פאַרשטייסט ווי צו מישן פאַרבן, ביסט ביכלאַל אַ טאַלאַנטירטער מענטש, וועסטו גיין אין אַ שול, וואו מען לערנט „סאַין פּיינטינג".

מאַרטין האָט זיך געלאָזט איבעררײדן — און ס'איז טאַקע געווען ווי דער פריינט האָט געזאָגט: נאָך אַ יאָר אָפּאַרבעטן בא שילדן־מאָלעריי, האָט מאַרטין שוין געקענט פאַרדינען 10 דאָלאַר אַ וואָך, נאָר ער האָט קיין אַרבעט ניט געקראָגן.

אַ געוויסן פרימאָרגן, האָט ער דערזען אַן אַנאָנס אין אַ צייטונג:

„אַ שילדן־מאָלער פאַרלאַנגט, וואָס איז דריי יאָר אין פאַך".

איז ער גלייך אַהין אַוועק.

— אַ „גאָלד דזשאָב" קענט איר מאַכן? — האָט דער באָס אים געפרעגט.

די פראַגע האָט אים אינגאַנצן צעמישט. ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, און באַשלאָסן צו זאָגן:

— יאָ.

— איר פאַרשטייט — מאַכט דער באָס — זעלטן, אַז עס פאַלט דאָ אריין אַ „גאָלד דזשאָב", אויב ס'פאַלט יאָ אריין, ווילט זיך ניט זוכן אַ צווייטן אַרבעטער.

פונם באָס לעצטע ווערטער האָט מארטין לייכטער אָפּגעאָטעמט און געפילט ווי אַ שווערער שטיין וואָלט אים ארונטער פון האַרץ. ער איז פארבליבן דאָרט ארבעטן.

איינמאָל אין אַ יולי־פרימאָרגן, מארטין איז געקומען אין שאָפּ אריין, מאַכט צו אים דער באָס:

— כ׳האָב געקראָגן אַ „גאָלד־דזשאָב״, דו דאַרפסט שוין גיין עס מאַכן.

מארטינען איז הייס געוואָרן. צוויי דזשאָבס שטייען אין גע־פאַר... האָט אים אָנגעהויבן עגבערן אין מויאַך — דער „גאָלד דזשאָב״ און זיין דזשאָב...

ס׳איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער הייסער טאָג. ניו יאָרק האָט געגליט און די מענטשן האָבן זיך געטאָפּטשעט אין שוויים.

מארטין האָט געדאַרפט ארבעטן אין אַ פאַרמאַכט שוי־פענסטערל, די גרויס—אַ האַלב טפיסע־קעמערל, ווי הייסע גליענדיגע שפּילקעס האָבן די זון־שטראַלן אים געשטאָכן אין לייב. ס׳איז געווען שטיקנדיק, ער האָט דעם אָטעם ניט געקענט אָפּכאַפּן. די דינע בלעטלעך גאָלד האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די שווייסנדיקע פינגער, און ער האָט מער קאַליע געמאַכט, ווי ארויפגעלייגט אַף דער שויב. דער „גאָלד דזשאָב״ איז קעסיידער געווען אין געפאַר.

איז דאָס נאָך ווייניק, זיינען מוּאווי־שילדן געהאַנגען אַנטקעגן איבער מיט אויפשריפטן:

„קולינג סיסטעם״.

„דהי קולעסט ספּאָט אין טאַון״.

ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די שילדן רייצן זיך מיט אים:

— קום אריין! פאַר 5־ סענט קענסטו ארויס פון אַ געהענעם גלייך אין גאַניידן אריין.

— ס׳איז הייס — מאַכט צו אים אַ מאַן, וואָס האָט זיך צו־געקוקט, ווי ער מאַטערט זיך.

— וואָס דען, ס׳איז ניט הייס! ? — ענטפערט מארטין אַז אָנגעצונדענער, — אייך איז גוט, איר שפּאַצירט זיך ארום און שוויצט ניט ווי איך.

— האָלוואי האָב איך באַ וואָס צו שוויצן, שוין אַ היבש ביסל מאָנאַטן, ווי איך אַרבעט ניט.

— וואָס פאַר אַ פאַכמאַן זייט איר? — האָט אים מארטין אַ פרעג געטאָן.

— אַ שילדן - מאָלער, אַ גוטער פאַכמאַן אויך און קען קיין אַר־בעט ניט קריגן.

— איר שפּאַסט ניט? איר זייט טאַקע אַ שילדן־מאָלער?

— וואָס וואונדערט איר זיך עפּעס אַזוי?

מארטינען איז איינגעפאַלן, אַז ער קען דאָ ראַטעווען ביידע דזשאָבס, האָט ער פאָרגעלייגט:

— אויב איר ווילט פאַר מיר מאַכן דעם „גאָלד דזשאָב“, וועל איך אייך געבן די געלעגנהייט... כאַווער.

—פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך בין אַ כאַווער?

— אָט טראָגט איר דאָך לענינס בילד אָפן לאַץ.

יענער האָט זיך אוועקגעשטעלט אַרבעטן און מארטין איז אַריין אין אַ מואַווי.

פינף אַזייגער פאַרנאַכט איז מארטין אַרויסגעקומען פון מואַווי, געגעבן דעם כאַווער זיין אַדרעס וואו ער זאָל קומען נאָך די „סכי־רעס“. אים כאַווערִיש געדאַנקט און איז צוריק אוועק אין שאַפּ אַריין.

— ווי האַלט עס מיטן „גאָלד דזשאָב“? — האָט דער באָס אין אַן איראָנישן טאָן געפרעגט מארטינען.

— שוין באַלד פאַרענדיקט, — האָט מארטין שטיל געענטפערט, — נאָך אַ שאָ אָדער צוויי אַרבעט, דאָס אַלץ.

— דו אַליין וועסט אים פאַרענדיקן אָדער וועסט שיקן דיין אַרבעטער?

מארטינען איז דאָס גאַנצע בלוט געקומען אין פּאָנים אַריין. דעם „גאָלד דזשאָב“ האָט ער געראַטעוועט, נאָר זיין דזשאָב ניט.

— איך באַשעפטיג אַרבעטער, ניט קיין באָסעס... — האָט אים דער באָס דערקלערט.

מארטין איז ווידער געבליבן אַרבעטלאָז.

# וואָס אַן אַרבעטלאָזן קען אַמאָל איינפאַלן

העריי, דער פּרעסער, האָט זיך געהאַט אַרומגעדרייט עטלעכע כאָדאָשים אָן אַרבעט. אויסזיכטן צו געפינען אַרבעט האָט ער ניט געהאַט און וואו זיך צו באָרגן עטלעכע דאָלאַר האָט ער אויך שוין ניט געהאַט, און דירע־געלט איז ער שוין שולדיק געווען פאַר עט־לעכע כאָדאָשים.

איינמאָל, באַנאַכט, אַהיימקומענדיג האָט ער געפונען אַ קוויטעלע, וואָס האָט זיך געלייענט:

„מיסטער, מופט אַרויס אָדער באַצאָלט דירע־געלט".

איז אים ניט גוט געוואָרן. אַ פאַרצווייפלטער האָט ער זיך גע־לייגט אין בעט. נאָר שלאָפן האָט ער ניט געקענט. פאַרשיידענע פּלענער האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן אין זיין מויאַך, ווי זיך צו ראַ־טעווען פון דער קריטישער לאַגע. נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך דערטראַכט.

אַרום איינס באַנאַכט האָט ער אָנגעהויבן צוקרעכצן. צום ערשט שטיל, דערנאָך העכער, העכער און העכער, ביז ס'איז דער־גאַנגען צו געוואַלטן. די געוואַלטן האָבן אויפגעוועקט די מענטשן פון הויז.

אַז זיי זיינען אַריינגעקומען צו אים אין צימער און געזען ווי ער האַלט זיך ביים בויך און שרייט, אַז אין דער רעכטער זייט בויך טוט אים שטאַרק ווייַ, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיין קראַנק אף דער „בלינדע קישקע". האָבן זיי באַלד גערופן אַן „אַמבולאַנס" און מ'האָט אים צוגענומען אין שפּיטאָל אַריין.

אַזוי ווי דאָקטוירים פאַרשטייען אַ קרענק, האָבן זיי אים נאָך די זעלבע נאַכט אָפּערירט, און אַרויסגענומען בא אים די בלינדע קישקע.

די גאַנצע צייט וואָס ער איז געלעגן אין שפּיטאָל, האָט די באַ־לעבאָסטע, בא וועלכער ער וואוינט, אים געבראַכט צו גוטע ביסלעך יויך. וועגן אים הייסן זיך ארויסציען פון דער דירע איז קיין רייד ניט געווען. פונקט פאַרקערט, זי האָט אים געטרייסט: זאָל ער נאָר געזונט ווערן, וועט אַלץ זיין גוט, ער'ט שוין באַצאָלן...

נאָר ליגנדיק אזוי און קוקנדיק אַף דער „לענדלײדי“, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן: „וואָס אָפּערירט מען איצט? אַ שאָד, וואָס אַ מענטש האָט בלויז איין „בלינדע קישקע“ און זיך דערטראַכט, אַז אָפּערירן דאַרף מען נאָר אונזער גאַנצן געזעלשאַפטלעכן קערפּער און ארויסשניידן פון אים די „בלינדע קישקע“, וואָס מען רופט קאַפּיטאַ־ליזם.

— ארויס, אַוועק פון מיר! — האָט ער פּלוצים אַ געשריי־געטאָן צו איר — און האָט פאַרענדיקט: מען דאַרף אַלץ אָפּערירן . . .

די לענדלײדי האָט זיך אָפּגערוקט און הינטערוויילעכץ זיך ארויס־גערוקט. נאָר פון יענער זייט טיר האָט זי ארויסגעשעפּטשעט:

— מעשוגע נעבעך, אין דר'ערד אריין מיין רענט.

# געצים בלאָנדינקעס מיט רינגלעך, געצים

(געווידמעט רותן)

אז רות האָט ניט געקענט געפינען קיין דזשאָב באַ איר פאַך, האָט זי גענומען זוכן אַרבעט באַ וואָס ס׳זאָל ניט זיין.

איין פרימאָרגן האָט זי באַמערקט אַן אַנאָנס אין אַ ציַיטונג:

„אַ קעלנערין פאַרלאַנגט — אַ בלאָנדינקע״.

איבערלייענענדיק דעם אַנאָנס, האָט רות זיך דערמאָנט, אַז מיט יאָרן צוריק אין קעמפּ „ניטגעדאַיגעט״ האָט זי עטלעכע מאָל אַרויס־געהאָלפן אין עס־זאַל און כאַווירים האָבן איר דאַן געזאָגט, אַז זי וואָלט געקענט זיין אַ גוטע קעלנערין. און אַזוי ווי אַ בלאָנדינקע איז זי אויך, איז זי אַוועק אָפּן דזשאָב.

ווען רות איז אַריין אין רעסטאָראַן, האָט זי שוין דאָרט געטראָפן אַ סאַך בלאָנדינקעס, נאָר זי איז געווען די בלאָנדינדסטע פון אַלע. איז זי דעם באָס געפעלן, נאָר שפּעטער ווען די אַנדערע בלאָנדינקעס זיינען אַוועק, גיט איר דער באָס אַ קאָמפּלימענט:

— דו ביסט אַ גאַנץ שיינע בלאָנדינקע.

— ביסט פאַרהייראַט, צי ניט?

רות האָט זיך פאַרלאָרן. דאָס גאַנצע בלוט איז איר געקומען אין פּאָנים אַריין. זי האָט ניט געוואוסט וואָס ס׳איז גוט: יאָ אָדער ניט פאַרהייראַט.

איז דער באָס איר געקומען צו הילף.

— פאַרשטייסט, ס׳אַ קלייניקייט, נאָר פאַרהייראַטע זיינען בע־סער צו ביזנעס. מענער האָבן ליבער פאַרהייראַטע.

— איך בין טאַקע פּונקט פאַרהייראַט, — האָט רות אים פאַר־זיכערט און לייכטער אָפּגעזיפצט.

— ווי־זשע קומט עס, וואָס דו טראָגסט ניט קיין רינגל? — האָט איר דער באָס ניט אָפּגעלאָזט.

— כ'האָב עס פארגעסן אפּן וואשטאָפּ ווען כ'האָב זיך געוואשן.

— אויב אזוי ביסטו אָלרייט. נאָר מאָרגן זאָלסטו ניט פאַר־געסן אָנצוטאָן דאָס רינגל — האָט איר דער באָס אָנגעזאָגט.

אָף מאָרגן איז רוט אַוועק אין „5 און 10 סטאָר" און גע־קויפט א רינגל.

נאָר דאָס רינגל האָט רוט ניט געקענט פאַרטראָגן. דאָס רינגל האָט איר פאַרשאַפט א סאַך אומאַנגענעמלעכקייטן. דעם זעלבן אָוונט האָט פּאַסירט אָט וואָס:

אזוי ווי זי איז געווען גוט אויפגעלייגט, וואָס זי האָט געקראָגן דעם דזשאָב און זיך איילנדיק ניט צו קומען שפּעט צום מיטינג פון פּאַרטיי־יוניט, האָט זי פארגעסן אויסצוטאָן דאָס רינגל. האָט א כאַ־ווער באַמערקט דאָס רינגל אָף איר פינגער. נו־נו:

— מאַזלטאָוו, רוט!

— וואָס פאַר א סימכע איז דאָס אָף דיר?

— שעמען מעגסטו זיך, — האָט א צווייטער כאַווער אונטערגע־כאַפּט, — מען האָט כאַסענע און גאָרנישט? מען לאָזט אפילע ניט וויסן די כאַווײרים פון יוניט?

רוט האָט זיך גלייך געכאַפּט פאַרוואָס מ'גיט איר אָפּ מאַזל־טאָוו, און דערציילט די כאַווײרים, ווי דאָס רינגל קומט צו איר.

אזוי האָט רוט ניט איינמאָל באַדאַרפט דערקלערן.

דערפאַר האָט זי דאָס רינגל געהאַסט און געזוכט פּלענער ווי אזוי פּאָטער צו ווערן פון דעם קעדושן־רינגל.

אין דעם זעלבן רעסטאָראַן האָבן אַכוץ רוטן געאַרבעט נאָך צוויי קעלנערינס, וועלכע האָבן אויך געטראָגן קעדושן־רינגלעך.

א געוויסן אָוונט נאָך דער אַרבעט, איז רוטן אויסגעקומען אהיימ־צוגיין מיט איינער פון די קעלנערינס. פאָרנדיג אין סאָבוויי, האָט די צווייטע קעלנערין געהאַלטן מיט דער רעכטער האַנט פאַרדעקט דאָס קעדושן־רינגל. רוט האָט דאָס באַמערקט. עפּעס איז דאָ ניט גלאַ־טיק, האָט רוט זיך געטראַכט און פאַרפירט מיט איר א שמועס:

— שוין לאַנג פאַרהייראַט?

— ניט לאַנג, — האָט יענע געענטפערט און זיך פאַרויטלט.

— אייער מאַן איז מיסטאָמע ארבעטלאָז...

— יאָ. — דעם „יאָ“ האָט זי אַרויסגעזאָגט זייער שטיל און זיך נאָך מער פאַרויטלט. רוט האָט אַרונטערגענומען דאָס פינגערל פון פינגער און עס אַריינגעלייגט אין איר לעדערנעם בייטל.

— איר שעמט זיך גאָרניט צו גיין אָן אַ רינגל? — האָט די צווייטע קעלנערין געפרעגט רוטן.

— איך שעם זיך צו גיין מיט אַ רינגל, — האָט רוט געענט־פערט, — אָן אַ רינגל איז אַ פאַרגעניגן, מ׳איז פריי.

— און אייער מאַן וואָס זאָגט צו דעם?

— כ׳האָב ניט קיין מאַן.

— אַן אלמנה?

— ניין. דער באָס האָט געוואָלט אַ ווייבל מיט אַ רינגל, האָב איך אים געגעבן וואָס ער וויל.

די צווייטע קעלנערין האָט זיך צעלאַכט:

— איצט איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן. — און זי האָט אויך אויסגעטאָן דאָס רינגל.

— כ׳בין אויך ניט פאַרהייראַט.

— און מיר דאַכט זיך, — האָט רוט געזאָגט, — אַז טעסי איז אויך ניט פאַרהייראַט.

— זיכער ניט, — האָט די צווייטע קעלנערין געענטפערט, — זי איז מיין בעסטע פריינדין, זי האָט מיך דאָס געבראַכט אַף דעם דזשאַב.

— ווילסט פאָטער ווערן פון קעדושן־רינגל?

— זיכער. טעסי אויך. נאָר דעם דזשאַב ווילן מיר ניט פאַר־לירן. ס׳איז היינט שווער צו קריגן אַ צווייטן דזשאַב.

זיי זיינען ביידע גלייך אַוועק צו טעסין און זאַלבעדריט אויסגעאַר־בעט אַ פּלאַן. רוט האָט באַדאַרפט דעם פּלאַן דורכפירן.

אַף מאָרגן זיינען זיי געקומען צו דער אַרבעט ווי קיינמאָל גאָרנישט. רוט האָט מיט זיך געהאַט אַלע דריי רינגלעך.

א פּאָר מינוטן פאַר צוועלף, ווי זיין שטענדיגע געוואוינהייט, האָט דער באָס זיך אַוועקגעזעצט עסן מיטאָג. רוט האָט אים באַדינט. ווען דער באָס האָט געהאַלטן באַם נאָכשפּייז, האָט רוט אים געפרעגט:

— וואָס נאָך?

— כ'וועל עס לאָזן צו דיין אייגענעם אויסוואַל, — האָט דער באָס געענטפערט מיט אַ פּעטן שמייכל אויף זיינע גראָבע ליפּן.

— אָלרייט, — האָט רוט אויסגערופן און אים דערלאַנגט אויף אַ טעלערל די דריי קעדושן־רינגלעך.

— „וואָס'ס דיס"?

רוט האָט אים אַ שטילן אָבער זיכערן טאָן דערקלערט און אים געוואָרנט, אַז אויב ער רעדט עפּעס, האָבן זיי שוין פּאַרטיקע „סיינס" און גייען ארויס אין סטרייק, און זיי וועלן אַלעמען דערציילן פאַר־וואָס זיי סטרייקן.

דער באָס איז געבליבן זיצן ווי פּאַרשטיינערט. דער זייגער האָט זיך צעקלונגען צוועלף.

מענטשן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען אין רעסטאָראַן. דער באָס האָט אריינגעכאַפּט די רינגלעך אין קעשענע און ארויסגעברומט:

— וועל, זאָל זיין מיידלעך, נאָר „ביהייווט" זיך...

# בינעם „פירער"

בינעם פירער. אזוי רופן אים אלע זיינע לאנדסלייט און באקאנטע. עמעס, אז „פירער" איז בלויז זיין צונאמען, נאר פרואווט אקארשט פרעגן בא זיינעם א לאנדסמאן פאר בינעם ש., וועלן א סאך גארניט ויסן וועמען איר מיינט. און אז איר וועט שוין יא אנטרעפן אף איינעם, וואס ווייסט זיין ריכטיקן נאמען, וועט יענער אייך באלד זאגן: איר מיינט אוודע בינעם „פירער".

דעם צונאמען „פירער" האט ער נאך פון קינדוויז:

ווען ער איז נאך גאר א פיצעלע געווען, פלעגט ער וויינען מ'זאל אים געבן א „פירער" (רוסישע צוויי קאפיקעס).

דאס וואלט זיכער געווארן פארגעסן, איז אבער דער זיידע זיינער פלוצלונג בלינד געווארן און ער איז געווארן אן עמעסער „פירער". ער פלעגט פירן דעם זיידן אין בעסהאמעדרעש און אין מערכעץ.

דאס וואלט זיכער אויך געווארן פארגעסן, ווייל דער זיידע זיינער איז געשווינט געשטארבן. איז ער אבער עלטער געווארן און געווארן א באלעגאלע. איז ער ווייטער געווארן א פירער.

אז ער איז אלט געווארן 21 יאר און זיך גענדארפט שטעלן צום מיליטער, האט ער דערצו קיין גרויס כיישעק ניט געהאט, איז ער געווארן א „פירער" בא דער גרענעץ און איז אוועק קיין אמעריקע. (פארגעסן צו דערציילן, אז ער האט פריער איבערגעפירט זיין ווייבס היפשן נאדן).

אין ניו יארק האט ער געארבעט אין א שאפ, איז באלד געווארן א גאנצער שמעלקע מיטן באס. א כויץ דעם איז ער געווארן דער רעדל־פירער פון שאפ און אין דער זעלבער צייט פלעגט ער „פירן" פלאטקעס צום באס פון די ארבעטער.

אַז די רעכטע האָבן דערשמעקט דעם „פּירער“, האָבן זיי אים צוגעכאַפּט מיטביידע הענט.

ווען די לינקע האָבן געהאַט איבערגענומען די פּירערשאַפט פון די רעכטע, האָט בינעם פאַרלוירן זיין „פּירערשאַפט“. זיך ניט האָבנ־דיק צו וואָס צו נעמען, איז ער געוואָרן אַ „טעקסי דרייווער“ און ווייטער „געפּירט“.

די רעכטע האָבן אים שוין אַזוי אויסגעלערנט „פּירן“, אַז אַפילע מיט דער „טעקסי“ פּלעגט ער עס טאָן. ער פּלעגט די פּאַסאַזשירן פאַר־פירן אין הינטערגעסלעך צו מאַכן דעם וועג לענגער, אַז דער זייגער זאָל מער אָנקלינגען, ער פּלעגט זיך פאַרענטפערן, אַז ער האָט גע־מאַכט אַ טאָעס.

איצט איז ער ווייטער אַ שטיקל פאַרפירער באַ די רעכטע.

האַקלאַל, אַז מ׳גיט עמיצן אַ צונאָמען, איז ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין.

# געליטענע פון דער יו. עס. באנק

ארומדרייענדיק זיך אין גאס צו זוכן ארבעט, איז מיר אויסגע־קומען פארבייצוגיין א יו. עס. באנק, בא וועלכער עס זיינען געשטא־נען טויזנטער דעפאזיטארס אין „ליין" צו באקומען העלפט פון זיי־ערע געלטער.

ווי איך באטראכט אזוי די „ליין", דערהער איך, ווי מען רופט מיין נאמען. איך קוק זיך אום, דערזע איך, אז דאס רופט מיך מיינער א באקאנטער, וועלכער שטייט אין „ליין". איך בין צו צו אים.

— איר וואלט עפשער וועלן שטיין פאר מיר א ווײַלע אין דער „ליין"? איך וויל גיין עפעס עסן, — זאגט צו מיר מיין באקאנטער.

— פארוואס ניט... כ'האב דען וואס צו טאן? שוין עטלעכע וואכן ווי איך ארבעט ניט. — און זיך אוועקגעשטעלט אין „ליין".

אף צו מארגנס קומט צו מיר מיינער א כאווער און בעט מיך איך זאל אים בארגן עטלעכע דאלאר. איך האב אים דערקלערט, אז איך האב ניט, שוין עטלעכע וואכן ווי איך ארבעט ניט און אז איך אליין זוך וואו זיך צו בארגן עטלעכע דאלאר.

דער כאווער האט גארניט געזאגט, נאר איז אוועק ברוגעזלעך.

מיט א שא שפעטער באגעגן איך אין גאס א צווייטן כאווער און ער בעט מיך אויך, אז כ'זאל אים לייען עטלעכע דאלאר, און איך ענטפער אים אויך דאס זעלבע.

דעם זעלבן טאג האבן נאך עטלעכע כאווירים מיך געפרעגט פאר געלט.

איצט, אז איך באגעגן זיך מיט די כאווירים, דרייען זיי זיך אוועק פון מיר, ווילן צו מיר ניט ריידן.

ווי איך האב שפעטער אויסגעפונען, האבן זיי מיך געזען שטיין אין „ליין".

אָט ווי כ'האָב געליטן פון דער יו. עס. באַנק, ווען כ'האָב אפילו ניט קיין געלט אין איר.

א צווייטער געליטענער:

אַן אַלט אידעלע, וועלכער איז אָפּגעשטאַנען עטלעכע שאָ אין „ליין", איז צוגעקומען צום פענצטערל און אָוועקגעלייגט עטלעכע הונדערט דאָלאַר.

— וואָס איז דאָס? — האָט דער באַנק־אָנגעשטעלטער געפרעגט.

— דאָס געלט וויל איך בּאַ אייך דעפּאָזיטן — האָט דאָס אידל שמייכלענדיק געענטפערט.

— מיר נעמען מער ניט אָן קיין נייע דעפּאָזיטאָרס.

— טאָ צו וואָס שטייען די מענטשן אין „ליין"?

— אָט־די צאָלן מיר אויס פופציק פּראָצענט.

— טאָ דערפאַר וויל איך דאָך ווערן בּאַ אייך א דעפּאָזיטאָר.

— איך פאַרשטיי ניט! — רעדט פאַרוואונדערט דער אָנגעשטעלטער.

— פאַרוואָס זאָלט איר ניט פאַרשטיין?... איר זענט דאָך עפּעס א באַנק־אָנגעשטעלטער — רעדט שוין עטוואָס צעהיצט דאָס אידל — איך האָב געלייענט אין „פאָרווערטס", אז איר צאָלט אייערע דעפּאָזיטאָרס פופציק פּראָצענט, האָב איך ארויסגענומען די עטלעכע הונדערט דאָלאַר פון מיין באַנק, וואו מ'גיט בלויז פיר פּראָצענט, און געבראַכט צו אייך, איר צאָלט דאָך פופציק פּראָצענט, א־יאָ, נישט אזוי?

נאָך דעם ווי דער „קלוירק" האָט זיך הארציק צעלאַכט, האָט ער אים דערקלערט וואָס די פופציק פּראָצענט מיינט, האָט דאָס אידל אויסגעשריען:

— איר זייט ביידע שווינדלער!

— וועמען מיינט איר דאָס, ביידע? — פרעגט דער „קלוירק".

— דער „פאָרווערטס" און די יו. עס. באַנק. איצט זע איך, אז דער „פאָרווערטס" פאַרטרעט טאַקע די באַנקירן. איך לייען ניט מער דעם „פאָרווערטס"! אַלוואי פאַרמאַכט זיך דער „פאָרווערטס" פונקט ווי איר האָט זיך פאַרמאַכט.

# BACK PAY

מיסטער שרייער, דער באָס פון דער פירמע „שרייער ענד קאָמפּ.“, איז אויך דער הויפּט־פאָרמאַן פון זיין שאָפּ. מיסטער שרייער פלעגט זיך פירן, אַז ווען ער פלעגט צונעמען אַ נייעם ארבעטער, פלעגט ער אים צורולאָזן אַף עטלעכע טעג, און אים גאָרניט טשעפּען, נאָר ערשט אָפּן דריטן טאָג פלעגט ער זיך צו אים אַ נעם טאָן:

— „האָרי אַפּ“! ... גיב זיך אַ שאָקל! ... — פלעגט ער צום ארבעטער אַלע ווײַלע שרייען. זייער אָפט פלעגט ער דעם ארבעטער צוריקברײַנגען שטיקלעך ארבעט, קלוימערשט, אַז זיי טויגן ניט, כאָטש זיי פלעגן זיין גוט, און זיך טשעפּען צום ארבעטער גלאַט אין דער וועלט אריין.

ער פלעגט דאָס טאָן, קעדיי דער ארבעטער זאָל באַ זיך פילן גע־פאַלן, אַז סאָף וואָך, ווען ער וועט דעם ארבעטער אריינרופן צו זיך אין אָפיס אויסצוגלייכן זיך וועגן פרייז, זאָל ער אים קענען קריגן צו ארבעטן פאַר ביליקער ווי די יוניאָן־ווייִדזשעס.

דאָס זעלבע האָט מיסטער שרייער געוואָלט פּראַקטיצירן אַף הערין. הערי איז אָבער אַ לינקער, און ער באַלאַנגט צו דער אינדו־סטריעלער יוניאָן; איז דאָס מיסטער שרייערן ניט געלונגען.

מאַנטיק איז הערי ארויפגעקומען ארבעטן אין שרייערס שאָפּ. אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק. אָבער מיטוואָך אינדערפרי, איז דער באָס, אַ צעהיצטער, אַ צעקאָכטער אריין פון אָפיס אין שאָפּ און זיך צע־שריען אַף אַ הויכן קאָל:

— „האָרי אַפּ“, הערי! — „האָרי אַפּ“!

— איך בין ניט קיין פערד, וואָס איר שרייט: „האָרי אַפּ“ — האָט הערי צוריקגעענטפערט.

— פאַרן צוריקענטפערן וועסטו באַ מיר היינט האָבן אַ פינסטערן טאָג! — האָט דער באָס נאָך העכער געשריען.

הערי האָט אויגנבליקלעך אָנגעצונדן די עלעקטריק.

— וואָס איז דאָס, הא? — האָט דער באַלעבאָס אויסגעגלאָצט א פּאָר בייזע אויגן — אָן עלעקטריק קענסטו ניט ארבעטן? ס'איז דאָך אַ שיינער, ליכטיקער זומער־טאָג.

— איר האָט דאָך אָקאָרשט געזאָגט, אז איך וועל היינט האָבן א פינסטערן טאָג; דערפאַר האָב איך אָנגעצונדן די עלעקטריק.

— שפּאָס אָן א זייט — רעדט דער באָס שוין אביסל שטילער — גיב זיך טאַקע א שאָקל, הערי! היינט איז שוין מיטוואָך, מאָרגן איז שוין דאָנערשטיק, איבערמאָרגן איז שוין פרייטיק. די וואָך איז שוין אוועק, און דו האָסט נאָך גאָרניט געטאָן.

הערי האָט אוועקגעוואָרפן די ארבעט און זיך גענומען אָנטאָן.

— וואָס איז דאָס, הא? — האָט דער באָס געפרעגט.

— באַצאָלט מיר פאַר דער וואָך און לאָזט מיך גיין.

— וואָס הייסט? היינט איז דאָך ערשט מיטוואָך — קוקט אים אָן דער באָס דערשטוינט.

— אָבער מאָרגן איז דאָך שוין דאָנערשטיק, און איבערמאָרגן איז שוין פרייטיק. די וואָך איז שוין אוועק, און איך האָב שוין גענוג געטאָן — האָט הערי אויסגעשריען.

— נו, שטעל זיך צוריק ארבעטן — האָט דער באָס גענומען ריידן מיט כניפע — דו ווייסט דאָך: ס'איז ניט מיין שולד. ס'איז איצט ביזי, דער דזשאבער רייסט פון מיר די הויט. ער וויל די אר־בעט. נו, שריי איך.

הערי האָט זיך, ניט ווילנדיק, צוריק אוועקגעשטעלט ארבעטן.

סאָף וואָך, ווען הערי איז אריין אין אָפיס ריידן וועגן פרייז, האָט דער באָס געזאָגט:

— זעסטו, הערי, אַן אַנדער באָס אויף מיין אָרט וואָלט דיך נאָך אוועקגעשיקט אינמיטן וואָך, נאָר איך האָב פיינט אוועקצושיקן אַן ארבעטער. אויב די ווילסט, קענסטו בלייבן ארבעטן. דו וועסט אָבער מוזן ארבעטן מיט צען דאָלאַר אונטער די יוניאָן־ווייזשעס.

— פאַרוואָס? — האָט הערי געפרעגט.

— ס'איז דערפאַר, — האָט דער באָס געענטפערט און נאַריש געשמייכלט — ווייל איך האָב גאַנץ גוט געהערט, ווי דו האָסט זיך באַקלאָגט פאַר מאָריסן, אַז אַפּאַרבעטנדיק אַ שאַ אין מיין שאָפּ, מיינט אַ יאָר. נו, אַרבעסטו דאָך שוין פינף טעג, דאָס מיינט 40 יאָר, און 25 יאָר ביסטו אַלט געווען, ווען דו ביזט אַרויפגעקומען צו מיר אַר־בעטן, איז צוזאַמען 65 יאָר. און איך האָב אַן אַגרימענט מיט דער רעכטער יוניאָן, אַז אַלטע לייט קריגן באַ מיר צען דאָלאַר אונטער די יוניאָן־ווייִדזשעס.

— טאַקע ? ! ... — מאַכט זיך הערי טאַמעוואַטע, — דאָס איז משיקאַווע. פיינע מענטשן, די רעכטע, — נישט אַזוי ?

— אַף מיר שוין אַזאַ יאָר — ענטפערט דער באָס, — זיי, די רעכטע האָבן כּאַטש איינזעעניש מיט די באָסעס ; מיט די לינקע קען מען גאָרניט מאַכן, אַלץ קומט די אַרבעטער — זאָגן זיי — די באָסעס קומט גאָרניט.

— מיר געפעלט אייער וויץ, מיסטער שרייער, טאַקע צוליבן וויץ וועל איך באַ אייך בלייבן אַרבעטן.

— „אָטאַ־באַי“, הערי ! — האָט דער באָס אַ צעפרידענער אויס־געשריען און נאַריש געשמייכלט — איך זע, אַז דו פאַרשטייסט אַ וויץ.

הערי האָט צוגענומען די סכירעס און באַ זיך געטראַכט : „זאָלן נאָר אַוועק די צוויי פּרואָוו־וואָכן, און זאָל איך נאָר זיין זיכער מיטן דזשאָב, וועל איך מיט אים שוין לערנען באָלעק.

אין פאַרלויף פון די צוויי פּרואָוו־וואָכן, האָט הערי אויסגעפּאָר־נען, אַז אַלע אַרבעטער האָט ער דעם וויץ דערציילט, אַז אַלע אַר־בעטן אונטער די יוניאָן־ווייִדזשעס...

הערי האָט זיך אַדורכגערעדט מיט עטלעכע אַרבעטער פון שאָפּ, און צוזאַמען האָבן זיי אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, ווי אַזוי זיך אָפּצו־רעכענען מיטן באָס. הערי האָט געדאַרפט דורכפירן דעם פּלאַן.

די דריטע וואָך, ווען הערי האָט באַקומען דעם קאָנווערט מיט „פּעי“, האָט ער אים גלייך געעפנט אין קעגנוואַרט פון אַלע אַרבע־טער, און אויסגעשריען :

— מיסטער שרייער, מיר קומט נאָך געלט !

— וואָס פאַר אַ געלט קומט דיר? — האָט דער באָס געפרעגט.

— איר זייט מיר שולדיק ווייִדזשעס פאַר 40 יאָר אַרבעט.

— וואָס הייסט? — פרעגט דער באָס דערשטוינט — ווי קען איך דיר שולדיק זיין ווייִדזשעס פאַר 40 יאָר אַרבעט, אַז דו אַרבעטסט ערשט בּאַ מיר דריי וואָכן?

— עמעס, — ענטפערט הערי — נאָר אויב איר געדיינקט, מיט צוויי וואָכן צוריק, באַ אייך אין אָפיס, האָט איר אַליין אויסגערע־כענט, אַז איך אַרבעט שוין באַ אייך 40 יאָר, טאָ פאָדער איך איצט די ווייִדזשעס, וואָס איר זייט מיר שולדיק, פאַר די 40 יאָר אַרבעט.

— הערי, וואָס איז מיט דיר? ! — האָט דער באָס איבערראַשט געפרעגט — דאָס איז דאָך בלויז אַ וויץ געווען, און דו מיינסט דאָס גאָר ערנסט?

— מאָדנע! — ענטפערט הערי — איך טאָר דעם וויץ ניט אָנ־נעמען פאַר ערנסט, נאָר איר מעגט עס יאָ? דורך דעם וויץ האָט איר דאָך באַ מיר אַרונטערגענומען צען דאָלאַר פון די יוניאָן־ווייִ־דזשעס.

— טאָ וואָס ווילסטו איצט, האַ? — האָט דער באָס געפרעגט.

— ניט איך אַליין וויל — האָט הערי געענטפערט — דער גאַנ־צער שאָפּ וויל, אַז איר זאָלט אונז באַצאָלן די „בעק פּעי“, וואָס איר זייט אונז שולדיג פאַר די גאַנצע 40 יאָר, און מיר בלייבן אַרבעטן אויפן פּרייז, וואָס איר צאָלט אַלטע לייט, לויט אייער אַגרימענט מיט די רעכטע.

— דאָס איז אוממעגלעך! — שרייט דער באָס אויפגעקאָכט — איר האָט דאָך קיין 40 יאָר באַ מיר ניט געאַרבעט?

— הייסט עס — האָט הערי שמייכלדיק אַ זאָג געטאָן — איר זייט מודע, אַז מיר זיינען ניט אַלט — אַז מיר זיינען יונגע אַרבע־טער. אויב אַזוי, טאָ באַצאָלט אונז די פולע יוניאָן־ווייִדזשעס און אויך די צענערלעך „בעק פּעי“...

— און אַז ניט? ! — שרייט דער באָס מיט רעציבע.

— און אַז ניט — האָט אָפּגעענטפערט דער גאַנצער שאָפּ — גייען מיר אַלע אַרונטער אין סטרייק.

אַזוי ווי ס'איז געווען אין פולן ברען פון סעזאָן און אינמיטן

דערין אַ סטרייק, וואָלט געמיינט אַ קראַך פאַר מיסטער שרייער, איז ניט ווילנדיק האָט מיסטער שרייער געמוזט נאָכגעבן: צו צאָלן די פול־לע יוניאָן־ווײידזשעס און צו געוויסע אַרבעטער — צענערלעך „בעק פעי“.

פון דעמאָלט אָן זיינען מיסטער שרייערס אויגן פול מיט רעציכע. דאָס פּאָנים זיינס — אָנגעברויגעזט; אָבער ער וואָגט מער ניט שרייען: „האָרי אַפּ“, און דערציילט מער ניט וועגן זיין וויציגן „אַגרי־מענט“.

# א „סאָציאַליסטישער" גראָסערי־מאַן

אין דעם זיידענעם שטעטל פּעטערסאָן, אַכוץ וואָס אין די יו־ניאָנס דאָרט געפינען זיך לינקע, רעכטע און אומפּאַרטייאישע, וועט איר אויך אין עסנווארג געפינען פאַרשיידענע פאַרטייאישקייטן. פלייש, צום ביישפּיל: — איר האָט לינקע פלייש, רעכטע פלייש און אומ־פּאַרטייאישע פלייש.

ברויט — אויך דאָס זעלבע, לינקע ברויט, רעכטע ברויט און אומפּאַרטייאישע ברויט.

איצט, אַז איר ווייסט שוין וועגן דעם, וועל איך אייך דערציילן אַ פּיקאַנט מאַיסעלע, וואָס מען דערציילט אין פּעטערסאָן.

די גראָסערי־לייט, וועלכע געפינען זיך ווייט אוועק פון די לינקע, רעכטע און אומפּאַרטייאישע בעקערייען, מוזן האַלטן די אַלערליי ברויטן, קעדיי אָנצוהאַלטן זייערע קונדן. איז צו אַ גראָסערי־מאַן אַריינגעקומען אַן אַרבעטער און פאַרלאַנגט אַ לעבל ברויט.

— אַ קליינס האָב איך ניט, נאָר אַ גרויס — האָט דער גראָ־סערי־מאַן געזאָגט.

— טאָ גיט מיר אַ האַלב פון דעם גרויסן.

— אַ האַלב קען איך אייך ניט געבן — האָט דער גראָסערי־מאַן מיט סאָכרעשער כניפע גערעדט, — ס'איז זומער־צייט, און אַז ס'ליגט צעשניטן, ווערט עס שנעל פאַרטריקנט, נעמט אַ גאַנץ ברויט.

— איך דאַרף אָבער ניט מער. — און דער אַרבעטער לאָזט זיך אַרויסגיין.

— איין מינוט! — רופט אים צוריק דער גראָסערי־מאַן,— כ'וועל געבן אַ קוק, אַז איך וועל פאַר זיך ניט האָבן קיין ברויט, וועל איך אייך געבן אַ האַלב ברויט.

ער איז אריין אין שטוב (די שטוב מיטן געוועלב איז צוזאַמען) און באַלד געקומען צוריק.

— איר האָט מאַזל, — כ'האָב טאָקע ניט קיין ברויט — און נעמט זיך שניידן אַ גרויס ברויט.

— וואַרט! — שרייט אויס דער אַרבעטער, — איר וועט אַזוי גוט זיין און שניידן פון דעם ברויטל.

— פון דעם לינקן ברייטל ווילט איר?

— יאָ!

— ס'טוט מיר לייד... פון לינקן ברייטל קען איך ניט שניידן.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך עס ניט קיין לינקע ברויט, איך עס פון אַ צאָצעליסט.

— איר אַ סאָציאַליסט? דאָס לינקע ברויט פאַרקויפט איר, נאָר עסן עסט איר עס ניט, ווייל איך באַ אייך ניט קויפן!

אַז דער אַרבעטער איז שוין געווען אין גאַס, האָט דער גראָסערי־מאַן אים צוריקגערופן. אפּאַנים, אַז די אידענע האָט אים געשאָלטן פאַרוואָס ער פאַרטרייבט אַלע קונדן מיט זיין נאַרישן צאָצעליזם.

— וואָס לויפט איר? קומט נאָר צוריק! מיר וועלן זיך אַן אייצע געבן! — האָט ער אים נאָכגעשריען.

דער אַרבעטער האָט זיך אומגעקערט. ער איז געווען נייגעריק צו זען וואָס פאַר אַן אייצע אַ צאָצעליסטישער גראָסערי־מאַן קען זיך געבן.

— איך וועל אייך געבן די העלפט מיטן לינקן לייבל, און פאַר זיך וועל איך נעמען אָן דעם לייבל — און האָט אַ נאַרישן שמייכל געטאָן.

# פאַר אַ צוועק . . .

מירל איז אַן אַקטיווע כאַווערטע אין ברענטש א. א. א. און אין פרויען־קאַונסיל. זי איז אַ שלאַגלערן אין פראַט פון אַריינקריגן נייע מיטגלידער. ניטאָ די וואָך, אַז זי זאָל ניט אַריינברענגען אַ נייעם מיט־גליד אין איינעם פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס. וועגן וואָס מ׳זאָל מיט איר רעדן, וועט זי אַלץ דערפירן איר געשפרעך — וועגן אָרדן אָדער פרויען־קאַונסיל.

אין אַ געווויסן טאָג איז אין שאַפּ, וואו מירל אַרבעט, אַרויפגע־קומען אַרבעטן אַ נייער פּרעסער — הערי. מ׳דאַרף אויסגעפינען:

ווער ער איז און וואָס ער איז — האָט מירל באַ זיך געטראַכט.

מיטאָג־שאָ, אין שאַפּ, האָט מירל באַמערקט, ווי הערי רעדט מיטן אַלטן פּרעסער — דער אומפּאַרטייאישער. איז זי צוגעקומען הערן וואָס מען רעדט. וואָס דער געשפרעך איז געווען, האָט זי ניט געוואוסט. זי האָט בלויז געהערט דעם אַלטן פּרעסערס לעצטע ווערטער:

— ס׳איז זייער שווער צו געפינען אַן איבערגעגעבענע פרוי, וועלכע זאָל מיטפילן דעם מאַן.

—ס׳איז אייער אייגענע שולד! — האָט מירל זיך אָפּגערופן.

— פאַרוואָס איז דאָס אונזער שולד? — האָט הערי געפרעגט.

— ווייל איר, מענער זוכט נאָר פּופּעלעך, ליאַלקעלעך, און ניט קיין אַרבעטער־פרוי! — האָט מירל גערעדט אין אַ סאַרקאַסטישן טאָן — ווען איר וואָלט אָבער כאַסענע־געהאַט מיט אַן אַרבעטער־פרוי, וואָלט איר פאַרשפּאַרט זיך באַקלאָגן! . . .

און מירל האָט גענומען דערקלערן די וויכטיגקייט פון פרויען־קאַונסיל און פאַוואָס פרויען דאַרפן באַלאַנגען צום פרויען־קאַונסיל.

דער אומפּאַרטייאישער האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגן, און הערי האָט געזאָגט:

—אומזיסט אייער רעדן. א מיטגליד אין פּרויען־קאָונסיל וועל איך נאָך אַלץ ניט ווערן.

—איר דאַרפט אָבער זען, אז אייער פרוי זאָל באַלאַנגען צום פרויען־קאָונסיל, און איר וועט פאַרשפּאָרן זיך באַקלאָגן.

— איר זייט עפּשער גערעכט — האָט הערי געענטפערט — נאָר מיט מיר האָט דאָס גאָרניט וואָס צו טאָן, ווייל איך בין נאָך א באָכער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר...

— און א מיטגליד אין אָרדן זייט איר שוין? — האָט מירל געפרעגט.

—צו וואָס טויג א סינגל־מאַן באַלאַנגען צום אָרדן? — האָט הערי שמייכלדיק געפרעגט.

— ווייל א סינגל־מאַן איז אויך ניט מער ווי א מענטש — האָט מירל געענטפערט — טאָמער ווערט ער קראַנק, קריגט ער א דאָקטאָר, קראַנקן־בענעפיט, באַווײַרים קומען אים מעוואַקער־כוילע זיין, און שטאַרבט ער... האָט ער וואו מ׳זאָל אים באַגראָ————

הערי האָט איר איבערגעשלאָגן די רייד:

— לויט אייערע רייד זע איך דאָ גאָרניט קיין אונטערשייד צווישן אַרבעטער־רינג, די לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטיס און דעם אָרדן. זאָגט מיר: גיט דער אָרדן גאָרניט קיין לעבעדיקע געזונטע זאַכן צו די מיט־גלידער? אויב יאָ, ווער איך גלייך א מיטגליד.

— זיכער! — שרייט־אויס מירל, שטראַלנדיק פון פרייד — מיר גיבן לעקציעס אף לעבעדיקע אַקטועלע טעמעס: מיר אַראַנזשירן קאָנצערטן, באַנקעטן און פּיקניקס, וועלכע זיינען פול מיט לעבן; אפילע אונזערע מיטינגען זיינען אינטערעסאַנט און לעבעדיק. מיר קעמפן פאַר די לעבנס פון די סקאָטסבאָראָ אינגלעך; פאַר די לעבנס פון מוני און בילינגס; פאַר די לעבנס פון אַלע פּאָליטישע פריזאָנערס — פאַרן לעבן פונם סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיר קעמפן, אז די אַמעריקאַנער אַרבעטער זאָלן קענען בעסער לעבן, און נאָך א סאַך אַנדערע לעבעדיקע קאַמפן!

—דאָס, זעט איר, איז שוין גאָר אַנדערע רייד — זאָגט הערי שמייכלדיק — דאָס געפעלט מיר זייער.

—נו, וואָס זאָגט איר, אויסשרייבן אַן אַפּליקאַציע? — האָט מירל געפרעגט.

דאָ האָט זיך דערהערט אַ פייף, און מ'האָט אָנגעהויבן צוריק אַרבעטן.

אין אָוונט, אַהיימגייענדיק פון דער אַרבעט, האָט הערי געפרעגט מירלען:

— איר וואָלט עפשער געוואָלט היינט „אויסגיין"?

מירלס בליק איז געפאַלן אַפן לאַץ פון הערים רעקל. אין לאַץ האָט געשטעקט אַ „באַטן" פון אַן אָרגאַניזאַציע, און מירל האָט געזאָגט:

—מיט ניט קיין אָרדן מיטגליד גיי איך ניט אויס!...

— מאַכט פאַר מיר אַן אויסנאַם! — האָט הערי שמייכלדיק געזאָגט.

— ווער זייט איר דאָס, אַז איך זאָל פאַר אייך מאַכן אַן אויס-נאַם? — האָט מירל געפרעגט — און אויב איך זאָל שוין אפילו ווען מאַכן פאַר אייך אַן אויסנאַם, קען איך דאָס היינט באַנאַכט אויך ניט טאָן, ווייל אַף היינט באַנאַכט האָב איך אַן אַפּאָינטמענט „אויסצוגיין". נאָר ווייסט איר וואָס? קומט מיט! ס'קאָן אַמאָל טרעפן, אַז דער כאַווער זאָל ניט קומען, וועלן מיר „אויסגיין"...

זיי זיינען ביידע אַוועק אַפן פּלאַץ, וואו מירל האָט געדאַרפט וואַרטן. זיי האָבן געוואַרט אַ האַלבע שאָ צייט. דער כאַווער איז ניט געקומען, און מירל האָט באַמערקט:

— הערי, איר האָט מאַזל... קומט! מירן ביידע היינט „אויסגיין"...

— איר וואָלט, עפשער, געוואָלט גיין אין סענטראַל פּאַרק הערן גאָלדמאַנס בענד? — האָט הערי געפרעגט.

— אַזאַ „ספּאָרט" זייט איר? דאַכט זיך דאָס ערשטע מאָל, און איר גייט מיך אויסנעמען וואו ס'קאָסט קיין געלט?

— טאָ קומט אין אַ מואווי — זאָגט הערי אביסל פאַרשעמט.

— אין אַ מואווי הייסט באַ אייך „אויסגעגאַנגען?" — פרעגט מירל, — אַז איך „גיי אויס" מיט אַ באָכער, גיי איך אויס, אַז ס'זאָל זיך לוינען... קומט מיט מיר! איך וועל אייך שוין פירן

אין אַ גוטן פּלאַץ.

און זי האָט געגעבן אַ וואונק מיט אַן אויג.

„אריינגעפאלן" — טראכט הערי — ס'וועט אים שוין קאָסטן אַ האַלבע וואָך סכירעס. נו, פארפאלן...

מירל האָט אים געפירט דורך אָרימע געסלעך. — וואוהין פירט זי דאָס מיך? — איז די נייגעריגקייט בא הערין געשטיגן פון טראָט־צו־טראָט. לעבן אַ גרויס הויז האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט פארנאנדערגעוויקלט אַ פּעקל „דיילי וואָרקערס" און געזאָגט:

— אָט מיט דעם וועלן מיר היינט „אויסגיין"...

— דאָס הייסט בא אייך אויסגעגאנגען? — האָט הערי געפרעגט מיט אַן ערנסט פּאָנים, און שיר ארויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער — איך האָב געמיינט „אויסגיין" אַף אַן עמעס, פאר אַ צווע——

—הערי, איך בין איבערראַשט! — האָט מירל אים איבערגע־שלאָגן די רייד — איר, אַן אָרדן מיטגליד, זאָלט אזעלכעס זאָגן? אונזער איצטיקער אויסגיין איז פאר אַ צוועק... פאר אַ זייער וויכ־טיקן צוועק!...

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך בין אַן אָרדן מיטגליד?

— האָט הערי איבערראַשט געפרעגט.

— אָט טראָגט איר דאָך אַן אָרדן־באַטן.

— הייסט עס, אַז איר האָט די גאַנצע צייט געוואוסט, אַז איך בין אַן אָרדן מיטגליד, און איך האָב אייך גאָר געוואָלט אויספּרובירן, צי איר ווייסט ווי אויפצוקלערן און אַגיטירן.

— נו, וואָס זאָגט איר? — האָט מירל שטיפעריש געפרעגט — האָב איך כאָטש אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען?

— אויסגעצייכנט!... הונדערט פּראָצענט!... — האָט הערי שמייכלדיק געענטפערט.

ביידע האָבן זיך הארציק צעלאַכט און געאַרעמט אוועק פארקויפן „דיילי וואָרקערס"...

# BEWARE OF DOGS

א געוויסן טאָג בין איך מיט א כאַווערטע ארויסגעגאַנגען זאמלען אונטערשריפטן, אַז די קאָמוניסטישע קאַנדידאַטן זאָלן ארויפגעשטעלט ווערן אפן וואַל־צעטל. קלינגען מיר אָן אין איין טיר און מיר דערהערן ווי א הונט הויבט אָן בילן.

מיין כאַווערטע באַמערקט:

— „ביוועיר אָוו דאָגס" — און זי פאַרטייטשט דאָס גלייך ווי טעוויע דער מילכיקער פלעגט פאַרטייטשן פסוקים:

— דאָרט, זאָגט זי, וואו עס בילן הינט קען מען קיין אונטערשריפטן ניט קריגן.

דערווייל באַמערקן מיר א מעזוזע באַם טיר.

— איצט בין איך שוין זיכער, אַז מירן דאָ קיין אונטערשריפט ניט קריגן, — גיט צו די כאַווערטע.

מיר ווילן שוין א קלונג טאָן אין א צווייטער טיר. דערהערן מיר פון הינטער דער ערשטער טיר א קרעכצנדיקע פרויען־שטימע:

— "הו איס דיעס"?

— „עי לידי" — ענטפערט די כאַווערטע.

די טיר האָט זיך געעפנט און פאַר אונזערע אויגן איז געשטאַנען א פרוי פון א יאָר עטלעכע פופציק. קורץ, דיק מיט א געפאָלדעוועטן גוידער. זי האָט געווישט מיט א האַנטוך דעם שוויס פון פאַנים און געבלאָזן מיט די ליפן; פפו, פפו, פפו.

— „עני סיטיזנס אין יור פאַמיליע" ? — פרעג איך.

— איך פאַרשטיי נישט קיין ענגליש, — זאָגט זי.

— איז עמיצער באַ אייך אין הויז אַן אַמעריקאַנער בירגער?

— איר מיינט א „שיטיזן"? — פרעגט זי איבער און גיט צו:

— „שוער, שוער". מיין „האָסבאַנד" איז א „שיטיזן", פּפּו, און איך, פּפּו, בין א פּפּו „שיטיזן" און מיינע „סאָנס", א כּוץ דער עלצטער, זיינען אַלע געבוירן היער, נאָר מיין עלצטער, פּפּו, „סאָן" איז שוין אויך א, פּפּו, „שיטיזן". וואָס־זשע פאַרלאַנגט איר?

— מיר זאַמלען אונטערשריפטן ארויפצושטעלן די קאָמוניס־טישע קאַנדידאַטן אפן באַלאָט.

— בערל, קום נאָר אהער!

— וואָס איז? — דערהערן מיר א באַסאָווע מענער־שטימע, ווי פון א פּאַס ארויס.

— זיי ווילן עפּעס, איך ווייס ניט וואָס.

— לאָז זיי אריין.

אריין אין הויז, האָט דער הונט זיך ווייטער צעבילט. די באַ־לעבאַטים האָבן אים קוים איינגענומען.

מיר דערקלערן דעם באַלעבאָס וואָס מיר ווילן.

— „נאָ סערי", — מאַכט ער, — איך וועל אייך ניט אונטער־שרייבן. איך בין א צאָציאַליסט.

— א סאָציאַליסט? — באַמערק איך, — און א מעזוזע באַם טיר און א הונט וואָס לאָזט קיין מענטשן ניט אריין אין הויז?

— ס׳מאַכט ניט, — מאַכט ער, — מ׳קען זיין א צאָציאַליסט, כאָטשע הינט און זיין „רעלידזשעס".

— א שאַנדע, — זאָג איך, — אז אן ארבעטער זאָל נאָך היינט צו טאָג אזוי ריידן.

— ווער זאָגט עס אייך, אז איך בין אן ארבעטער? איך בין א לענדלאָרד, דאָס הויז באַלאַנגט אויך צו מיר.

— אויב אזוי, — זאָג איך, — פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס איר זייט א צאָציאַליסט.

— האַלב און האַלב, — באַמערקט ער מיט א שמייכעניו.

— וואָס מיינט דאָס?

— איך בין האַלב צאָציאַליסט און האַלב דעמאָקראַטיש. רע־דזשיסטרירט בין איך דעמאָקראַטיש, אין מיין „סעקשאָן" איז דאָס גוט פאַר ביזנעס און שטימען שטים איך צאָציאַליסטיש.

— אויב אַזוי, קענט איר דאָך אונז געבן אייער אונטערשריפט, דערנאָך זיך רעגיסטרירן דעמאָקראַטיש און שטימען „צאָציאַליסטיש“?

— טו איך אים אַקאָרשט אַ פרעג.

— מיילע, — רופט זיך אָפּ זיין דריטע העלפט... זיי זיינען דאָך אויך, פּפוּ, אידן, טו זיי אויך אַ טויווע, פּפוּ.

— אויב די כאַנע־פּעסע הייסט, וועל איך.

ער האָט אויסגעזוכט און אָנגעטאָן די ברילן. ערשט ער טוט אַ קוק אַף אונזער פּאַפּיר, מאַכט ער:

— ניט באַ מאַטיען. איך שרייב ניט אונטער.

— פאַרוואָס?

— „ביקאָוז“ ס׳איז אַן „ענגלישער פּייפּער“, מוז איך אים צום ערשט געבן איבערלעזן מיין לאָיער און אַז ער וועט מיך הייסן, וועל איך אונטערשרייבן.

ווען מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען, האָט ער נאָך געברומט:

— אַ מאַיסע, שרייב זיי אונטער אַן „ענגלישן פּייפּער“. ווידער עפּעס אַ „פּעיק“. זיי האָבן אין רוסלאַנד צוגענומען באַ אַלעמען וואָס זיי האָבן נאָר געקראָגן. דער געגנאָסע איז גערעכט: זיי נעמען אומ־ערלעך, אומגעזעצלעך און מיט גוואַלד, אָבער ניט באַ מאַטיען!...

# פון גאָרניט ווערט עפּעס

סעמקע גאָרנישט רופט מען אים. „גאָרנישט“ איז זיין צונאָמען. מיט דעם צונאָמען איז סעמקע „געקרוינט“ געוואָרן באַלד ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף צווישן לינקע און רעכטע אין די יוניאָנס.

און אָט ווי אַזוי:

סעם האָט ניט געהאַלטן פון קיין יוניאָנס, כאָטש ער אַליין איז געווען אַ יוניאָן־מאַן. ער האָט באַלאַנגט צו דער יוניאָן נאָר דער־פאַר, ווייל ער האָט געמוזט, קעדיי ניט צו פאַרלירן זיין דזשאָב. צו קיין יוניאָן־מיטינג איז ער קיינמאָל ניט געקומען. די דיוס פלעגט ער געבן דעם טשערמאַן, ער זאָל פאַר אים באַצאָלן.

פלעגט אַ רעכטער אים רופן צו אַ מיטינג, פלעגט ער ענטפערן:

— איך בין ניט קיין רעכטער.

פלעגט אַ לינקער אים רופן צו אַ מיטינג, פלעגט ער ענטפערן:

— איך בין ניט קיין לינקער.

— וואָס דען ביסטו? — האָט אים איינמאָל אַן ארבעטער גע־פרעגט.

— גאָרנישט, — האָט ער געענטפערט, און געגעבן אַ נארישן שמייכל.

זינט דאַן רופט מען אים אין שאַפּ: סעמקע „גאָרנישט“.

כאָטש די וועלט זאָגט אַ שפּריכוואָרט: „פון גאָרנישט קען מען גאָרנישט ניט מאַכן“, האָט אָבער מעקסל דער שניידער זיך אונטער־גענומען צו באַווייזן דער וועלט, אַז לינקע קענען אַפילו פון גאָרנישט מאַכן אַן עפּעס. טאָג־איין — טאָג־אויס פלעגט מעקסל האַלטן אין איין רעדן צום „גאָרנישט“, אים איבערצייגן, ווי וויכטיק ס'איז צו זיין אַן אַקטיווער יוניאָן־מאַן. נאָר סעם „גאָרנישט“ איז דאָס אין איין אויער אריין און אין צווייטן ארויס.

איינמאָל האָט גערדאַרפט פאַרקומען אַ זייער וויכטיקער מיטינג פון דער לינקער גרופּע. איז מעקסל צו צו סעמקע „גאַרנישט“ און געפרעגט:

— נו, עפּשער וועסטו היינט גיין צום מיטינג?

— נאָך אַלץ ניט, — האָט ער כוצפּעדיק געענטפערט.

— צו אַזאַ וויכטיקן מיטינג ווילסטו נאָך אַלץ ניט גיין?! — האָט מעקסל גערעדט אַביסל אויפגערעגט — ס'איז דאָך פאַר דיינע אייגענע אינטערעסן.

— ניין! איך גיי ניט! איך האָב דאָרט באַם מיטינג גאָרנישט ניט וואָס צו טאָן.

— דאָרט האָסטו גאָרנישט וואָס צו טאָן, האַ?... — האָט מעקסל געפרעגט.

— זיכער! ווייל איך וועל טאָן מער מיצווע צו זיך, ווען איך וועל גלייך פון דער ארבעט אהיימגיין, עסן סאַפּער, און דערנאָך זיך אוועקלייגן שלאָפן, אויסציען מיינע ביינער. זאָג מיר, איך בעט דיך, פאַרוואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעט אין מיר און לאָזט מיך ניט רוען?

— פאַרוואָס, ווילסטו וויסן? — מאַכט מעקסל. — איך וועל דאָס דיר דערקלערן דורך אַ פאַבל.

און ער האָט גענומען דערציילן:

„אַ האָן האָט זיך געפונען אין אַ דאָרף, און, ווי זיין שטייגער, פלעגט דער האָן קרייען יעדן פרימאָרגן. צערעוועט זיך איין מאָל אַן אָקס: — הער נאַר דו, וואָס צעקרייסטו זיך אַזוי יעדן פרימאָ־גן און לאָזט ניט שלאָפן אַן ארבעטס־בעהיימע? אַט דאָס איז דאָך מיין פונקציע, — ענטפערט דער האָן, — צו וועקן די אָקסן, זיי זאָלן ניט אַלץ קעסיידער שלאָפן. צייט שוין אַמאָל עפּעס אַ טראַכט צו טאָן אויך.....“.

— נו, איצט פאַרשטייסטו שוין? — האָט מעקסל געפרעגט.

— יאָ! יאָ! — האָט דער גאָרנישט געענטפערט — און זיך באַלד געכאַפּט—איך וועל דיר ווייזן, צי איך בין אַן אָקס! — און איז אַ בייזער אַוועק.

נאָך דער ארבעט, ווען מעקסל איז געקומען צום מיטינג און דערזען דאָרטן סעמען, האָט ער זיך פאַשעט דערשראָקן. ער האָט

נעדיינקט, אז סעם איז נעקומען מיט אים זיך אָפּצורעכענען פאַר רופן אים אָקס. נאָר צו זיין איבערראשונג איז סעם צו צו אים און שמייכעלדיק געזאָגט:

— א גוטער פאבל געווען, מעקסל. ס'איז מיר געווען געפעלן, און דערפאַר בין איך נעקומען צום מיטינג דיר וויזן, אז איך בין נים קיין אָקס.

מעקסל האָט געשטראַלט פון פרייד, וואָס פון גאָרנישט איז אים געלונגען צו מאַכן עפּעס.

# ווען קומען די ארבעטער?

א געוויסער שרייבער פון „פאָרווערטס", האָט פאר זיך געוואָלט מאכן א פאָר דאלאר, האָט ער זיך ארויסגעלאָזט איבער דער פראָווינץ „לעקטשורן".

דאָס ערשטע שטעטל, וואו דער שרייבער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז געווען פון דעם סאָרט שטעטלעך, וואָס דער „פאָרווערטס" האלט אין איין שרייבן, אז אין דעם שטעטל געפינען זיך בלויז רעכטע און קיין לינקע קאָן מען דאָרט אפילע אַף א רעפּוע ניט קריגן. איז דער שרייבער געווען זיכער, אז ער וועט האָבן א גרויסן דערפאָלג. (אין געלט פארשטייט זיך).

דעם שרייבערס לעקציע איז געוואָרן גוט „אדווערטייזט" אין שטעטל דורך ליפלעטס, וואָס עטלעכע קינדער האָבן צעטיילט אין די גאסן.

דער זייגער איז ניין. אָבער דער האָל איז ליידיק, אכוץ דעם שרייבער, האָט זיך אין האָל געפונען בלויז איין (1) אידל, וועלכער קומט צו אלע מיטינגען און לעקטשורס.

דער שרייבער האָט זיך געטראכט: די פראָווינץ איז ניט ניו יאָרק, מענטשן איילן זיך ניט, די ארבעטער וועלן זיכער באלד קומען.

אז די ווייזערס האָבן געצייגט האלב נאָך ניין, איז ער שוין געוואָרן אומגעדולדיק, ניט געקענט איינשטיין אַף אן אָרט. געשפּאנט אהין און צוריק, און אלע מאָל געוואָרפן א בליק אַף דער טיר, צי ס'קומט עמיצער.

אז די ווייזערס האָבן דערגרייכט צו צען, איז ער ארויס פון געדולד און א צעהיצטער אויסגעשריען צום אידל, (וועלכער איז געשמאק געשלאָפן):

— „פאָר גאָדס סייק"! ווען קומען דאָ בא אייך די ארבעטער?!

— הם! — האָט זיך דאָס אידל אויפגעכאפּט פון געשמאקן שלאָף.

— איך פרעג! — האָט דער שרייבער נאָך היציקער געשריען — ווען קומען בא אייך די ארבעטער?!

— ווען די לינקע קומען! — האָט דאָס אידל געענטפערט.

# פאַרוואָס אַלע יאָ, נאָר מייער ניט

אַז מייער האָט פאַרלאָרן זיין דזשאָב, ווייל דער באָס האָט גע־זאָגט, אַז ער איז צו אַלט פאַר אים, איז זיין ווייבל צו אים צוגע־שטאַנען, אַז ער זאָל ווערן אַ פּרוכט־פּעדלער, ווייל זי האָט אַ ברודער אַ פּרוכט־פּעדלער, וואָס מאַכט אַ שיין לעבן.

— ס'טייטש, איך וועל ווערן אַ ביזנעסמאַן? — האָט מייער גע־נומען איינטיינען מיט זיין ווייב, — אַז איך האָב אַפּילע קיין באַ־גריף ניט וואָס ביזנעס איז, פון קינדוויז אָן געמאַכט אַ לעבן פון אַרבעט.

— ס'מאַכט ניט, וועסט זיך אויסלערנען, קיינער ווערט ניט גע־בוירן קיין ביזנעסמאַן, — האָט אים די פרוי איינגערעדט.

געוואוסט האָט אָבער מייער בא זיך, אַז ער וועט גאָרניט קע־נען אויפטאָן, ווייל ער איז ניט פאַר ביזנעס און ביזנעס איז ניט פאַר אים. נאָר אַז ער וועט ניט פּרובירן, וועט זיין ווייבל זאָגן, אַז ער איז אַ פוילענצער, האָט ער צוגעשטימט צו ווערן אַ פּרוכט־פּעדלער.

דעם ערשטן טאָג האָט מייער געקויפט וויינטרויבן, זיי אויסגע־לייגט אַף דעם וועגעלע, און אַוועק טאָן ביזנעס. געדאַרפט האָט ער אַרונטערפאָרן אַ באַרגיס געסל, האָט זיך דאָס וועגעלע אַרויסגעריסן פון זיינע הענט און אַליין גענומען פאָרן באַרג אַראָפּ. דאָס וועגעלע האָט זיך איבערגעדרייט און די וויינטרויבן זיינען שמוציק און זאַמ־דיק געוואָרן. עטלעכע שאָ האָט ער געפּאַטערט זיי אויפצוקלייבן, און אַ דאַנק דעם צופאַל האָט מייער ווייִן פאַר זיך צו טרינקען.

— אַ צופאַל, — האָט מייער זיך געטראַכט, און דעם צווייטן טאָג איז ער ווייטער אַרויס טאָן ביזנעס מיט באַנאַנעס. ווייל מיט באַנאַ־נעס קען דאָך ניט פּאַסירן וואָס מיט וויינטרויבן. וואָרים אויב דאָס וועגעלע דרייט זיך אַפּילע איבער, קען מען זיי צוריק אויפקלייבן און פאַרקויפן.

אָבער אַט איז שוין איינס דער זייגער און ער האָט אַפּילע פאַר קיין דאָלאַר באַנאַנעס ניט פאַרקויפט. פאַר לאַנגווייליקייט לייגט ער זיי איבער פון איין אָרט אַפן צווייטן.

פּלוצלינג האָט זיך דער הימל פאַרנעפּלט און עס האָט אָנגעהויבן רעגענען. דער רעגן האָט אָבער באַלד אויפגעהערט און די זון האָט צוריק אויפגעשיינט.

די באַנאַנעס, וועלכע זיינען פונם רעגן נאַס געוואָרן, זיינען פון דער זון, וואָס האָט צוריק אויפגעשיינט, שוואַרץ און ווייך געוואָרן.

מייער האָט ניט געוואוסט וואָס מיט זיי צו טאָן, ווי ווערט מען פון זיי פּאָטער. אַ דאַנק די באַנאַנעס עסט מייער אין דער היים פרוכט־סאַלאַדס.

ער וועט נאָך פּרובירן איינמאָל, האָט ער זיך געטראַכט. אויב צום דריטן מאָל, אַז עס וועט ניט געלינגען, פּרובירט ער מער ניט.

דעם דריטן טאָג האָט ער געקויפט אוגערקעס, ווייל מיט אוגערקעס קען ניט דאָס פּאַסירן וואָס מיט ווינטרויבן און באַנאַנעס.

מיט די אוגערקעס האָט ער שוין געהאַט מער מאַזל: געהאַט קויכים אף זיי. און יעדע לײדיקע מינוט, ווען ער האָט ניט געהאַט קיין קוינע, האָט ער איבערגעציילט די געלט.

אָבער אזוי ווי ער ציילט אזוי די געלט, גייט צו אים צו אַ פּאָליסמאַן און פרעגט צי ער האָט אַן ערלויבניש צו „פּעדלען“.

— כ'האָב ניט געוואוסט, אַז מען דאַרף אַן ערלויבניש — האָט מייער געציטערט מיט אַלע גלידער.

— אַלע זאָגן דאָס! — און דער פּאָליסמאַן גיט אים אַ קוויטל, ער זאָל קומען מאָרגן אין קאָורט אריין.

— געדענק, — וואָרנט דער פּאָליסמאַן, — אויב איך וועל דיך טרעפן נאָך אמאָל פּעדלען, וועל איך דיך מיטנעמען אין פּאָליס־סטיי־שאָן.

מייער האָט מוירע געהאַט, אַז דער פּאָליסמאַן זאָל אים טאָקע נאָך אמאָל ניט טרעפן, און איז גלייך אוועק צו זיך אהיים מיט די אוגערקעס. און אַ דאַנק דעם האָט ער איצט זויערע אוגערקעס.

אף מאָרגן איז ער שוין ניט געגאַנגען פּעדלען, נאָר איז אוועק אין געריכט און באַצאָלט 2 דאָלאַר שטראָף.

איצט גייט מייער ווייטער ארום זוכן אַ דזשאָב, נאָר זיין ווייבל קען ניט פאַרשטיין פאַרוואָס איר ברודער און אַ סאַך אַנדערע קענען זיין פרוכט־פּעדלער, נאָר איר מייער ניט...

# א „לעסאָן“ דעם טאַטן

ארנאָלד, דער פּיאָנער, האָט געפונען בא זיך אין צימער אַפן טישל א פושקע צו קלייבן געלט פאַר ציען.

— ווען קומט דאָס פאַר די געלט־זאַמלונג? — האָט ארנאָלד געפרעגט, טראַכטענדיק וועגן זיין אייגענער פושקע וואָס ער האָלט באַהאַלטן צו גיין זאַמלען געלט פאַר דער סקאַטסבאָראָ קיים.

— מ־מ־מ־אָרגן — האָט ארנאָלדס טאַטע ארויסגעהיקעט.

בא ארנאָלד האָבן די בלוטן געגומען קאָכן, אָבער ער האָט גיך פאַרשטיקט אין זיך ניט וועלנדיק זיך ארויסגעבן, אז ער איז א פּיאָנער, הייסט עס, א זייער אַבזיכט איז צו שטערן מאָרגן אונזער געלט־זאַמלונג פאַר די סקאַטסבאָראָ אינגלאַך. עפּעס מוז ער טאָן, אז דער טאַטע זיינער זאָל כאָטש ניט ארויסגיין זאַמלען פאַר ציען — טראַכט ער בא זיך.

ארנאָלד האָט ניט געקאָנט אנטשלאָפן ווערן, ער האָט אַלץ געזוכט א פּלאַן. ער האָט זיך דערמאָנט, אז דער טאַטע זיינער קען ניט לייענען און שרייבן קיין ענגליש, דערצו־נאָך פאַרהיקעט ער זיך בעשאַס ער רעדט, אַלץ וואָס ער קען טאָן איז קלאַפּן מיט דער פושקע.

זונטיק נאָך פרישטיק האָט ארנאָלדס טאַטע בא אים זיך געבעטן:

— ארנאָלד ט־ט־ייערער, ט־ט־ט־טו מיר צוליב און גיי מיט דער פּ־פּ־פושקע פאַרבר פּ־פּ־פּ־אַלעסטיין.

— די צוויי זאַכן: „פּאַלעסטיין“ און „טשאַריטי“ האָב איך פיינט.

— פלעגסט דאָך אַמאָל ליב האָבן צו זאַמלען געלט, — מישט זיך אריין די מאַמע.

— כ'האָב דאָס נאָך היינט אויך ליב, נאָר ניט פאַר פּאַלעסטיין.

— פ־פ־פפ־אַר וועמען דען ? ! — שטאַמלט שוין אַרנאָלדס טאַטע צעהיצט.

— פאַר די סקאַטסבאָראָ אינגלעך, פאַר דער „מאָרגן־פריי.....

— וו־וו־וו־וואָס ! — האָט דער טאַטע אים אַריינגעהיקעט אין ריידן — פ־פ־פ־פאַר די „ניגערס" גאָר ? ! !

אַרנאָלד האָט מער גאָרניט געענטפערט און איז אַריין צו זיך אין צימער.

— וו־וו־וו־וואָס זאָגסטו צום ב־ב־ב־נאָק אונזערן, אַ סוינע איסראָעל אויסגעוואַקסן. פ־פ־פ־פאַלעסטיין האָסט ער און די ני־נערס ה־ה־האָט ער גאָר ליב...

— גיי שוין גיי, — פאַרענטפערט אים די מאַמע, — אַ אינגל, ער ווייסט דאָרט וואָס ער רעדט.

— ע־ע־ער ווייסט שוין ג־ג־גאָר וואָס ער רעדט, כ־כ־כ'האָב מוי־רע, אַז ער איז אָ־אָ־אָ־אָנגעשטעקט מיט דער רויטער ק־ק־ק־קרענק.

אַרנאָלדס טאַטע האָט אַ צעהיצטער און אין איילעניש אַ כאַפּ געטאָן די פּושקע און אוועק זאַמלען געלט.

ווען ער איז פאַרנאַכט צוריקגעקומען, האָט די ווייב אים אַ פרעג געטאָן : — האָסט עפּעס געזאַמלט אַ סאַך געלט ?

— נאָך ווי ! הערסט ב־ב־ביילקע, ס'איז ג־ג־גאָרניט שווער, ד־ד־דו אַליין וואָלסט עס אויך נ־נ־געקאָנט. דאַרפסט נאָר שש־ש־שאָקלען מיט דער פ־פ־פ־פּושקע, און דער אוילעם גיט. אַפילע ג־ג־ג־גויאים און ניגערס האָבן ג־ג־ג־געגעבן.

— טאַקע, גויאים און ניגערס ? — וואונדערט זיך די אידענע.

— יאָ ! יאָ ! ג־ג־גויאים און ניגערס. נאָר אונזער ב־ב־ב־בנאָק געפעלט ניט פ־פ־פ־פאַלעסטיין.

— הייסט עס, — האָט אַרנאָלד זיך אָפּגערופן, — אַז דו האָסט טאַקע געזאַמלט אַ סאַך געלט. פיין, פיין, דאָס פרייט מיך זייער, — האָט ער צו זיך געלאַכט, וויסנדיק, אַז עס וועט באַלד זיין פריילעך.

— וו־וו־וו־וואָס דיינקסטו, דו אַליין ב־ב־ב־בינסט אַ קנאַקער ? איך ק־ק־ק־קען אויך.

— לאָז מיר כאָטש זען די פּושקע, — האָט אַרנאָלד אויסגע־שטרעקט די האַנט.

אַז אַרנאָלד האָט שוין באַקומען די פּושקע אין האַנט אַריין, האָט ער זיך שוין צעלאַכט אַפן קאָל.

— ווּ־ווּ־וואָס לאַכסטו ווּ־ווּ־וואָס ? !

— דו בינסט אויך אַ קנאַקער ווי איך, זאָגסטו ? ס'הויבט זיך גאָרניט אָן, ס'איז ניט דו, נאָר די פּושקע.

— ווּ־ווּ־וואָס מיינסטו די פּ־פּ־פּ־פּושקע ?

— דו האָסט געמאַכט אַ טאָעס, — האָט אַרנאָלד אָנגעוויזן. — אנשטאָט צו נעמען דיין פּושקע האָסטו גענומען מיין פּושקע און דו האָסט געזאַמלט פאַר די נעגער־אינגלעך און ניט פאַר פּאַלעסטיין. אַ שיינעם דאַנק פאַרן זאַמלען, פּאַ, — און איז גיך אַרויס מיט דער פּושקע פון הויז.

# געפונען א מיטל

אלע יאָרן, וואָס מעקס געפינט זיך אין אַמעריקע, האָט ער באַ־לאַנגט אין אַ לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטי.

ווען דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן האָט זיך געגרינ־דעט, איז ער באַלד געוואָרן אַ מיטגליד אין אָרדן. נאָר אין דער סאָ־סייעטי איז ער געבליבן. אורזאַכן דערפאַר האָט ער געהאַט אַ סאַך: ערשטנס, האָט ער דאָס ניט געוואָלט צוליב־טאָן זיינע לאַנדסלייט, ווייל ער איז זיי געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלז צוליב זיינע לינקע פּלענער, וועלכע ער פּלעגט אָפט פאָרשלאָגן, און אַ סאַך מאָל אדורכ־פירן אויך. צווייטנס, האָט מעקס אָנגעפירט פּראָפּאַגאַנדע, און גע־האָפט, אַז מיט דער צייט וועט אים געלינגען ארויסצוקריגן עטלעכע פּראָגרעסיווע לאַנדסלייט אין זיין ברענטש פון אָרדן.

דארף זיך אָבער מאַכן, אַז מעקס זאָל זיך פארליבן אין אַ שיקסל. און אַז די לאַנדסלייט האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָבן זיי אים גלייך אויסגעשלאָסן, צוליב אַ פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, אַז זייערע מיטגלידער טאָרן ניט האָבן קיין גאָיעשע פרויען, ווייל זייערע פרויען און מענער ליגן באַ זיי צוזאַמען — נאָכן טויט, אָף איין „סעמעטערי" (צווינטער), און מיט קיין גאָיעשע פרוי טאָר מען באַ זיי ניט ליגן...

מעקס און די עטלעכע פּראָגרעסיווע מיטגלידער איז די אויס־שליסונג ניט געפעלן געווען. אליין ארויסגיין יאָ, אָבער ניט ווערן אויסגעשלאָסן. און זיי האָבן געזוכט וועגן, ער זאָל צוריק אריינגיין. איר ווייסט דאָך, אַז מ'זוכט געפינט מען. און מ'האָט געפונען אַ פּונקט אין דער סאָסייעטי־קאָנסטיטוציע, וואָס לויטעט:

„יעדער פארהייראַטער מאַן, וואָס וויל באַלאַנגען צו דער סאָ־סייעטי, מוז צייגן אַ אידישע קסובע".

מעקס איז אוועק צום טאַטן און געליען באַ אים די קסובע און געוויזן זיינע לאַנדסלייט.

צום קומענדיקן מיטינג האָט מען מעקסן געמוזט צוריק אריינ־נעמען אין דער סאָסייעטי. און ס'האָט טאַקע ניט לאַנג גענומען און ס'איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פאָרשלאָג פון די פּראָגרעסיווע מיט־גלידער זיך אָנשליסן אַלס ברענטש פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן.

# סעמקע

סעמקע, א קליין, דאַר מענטשעלע מיט אויגן קליינע פאַרלאָ־שענע, טיף אין זיין לענגלעך ביינערדיקן פּאָנים, איינגעבויגן ווי ער זאָל האָבן א הויקער: דאָס פאַרשווינדל האָט דעם אויסזען ווי א סקעלעטל.

ניט אזוי האָט ער אָבער אויסגעזען מיט צען יאָר צוריק, ווען ער איז ארויפגעקומען ארבעטן אין שאָפּ פון „ק. בראָדערס ענד קאָמ־פּאַני". דאַמאָלט איז ער געווען געזונט, שטארק און גלייך ווי א ווירע, מיט שיינע בלויע שטראַלענדע אויגן און א רונד יונג סימפּאַטיש פּאָנים.

ניט פון וואוילטאָג, פון גוט לעבן, איז צו אים די פיזיאָנאָמישע ענדערונג געקומען, נאָר פון לאַנגע שאָען שווערע ארבעט, פון די אַמאָ־ליקע „גוטע צייטן" (ווי ער פלעגט זיי רופן), ווען מען האָט געארבעט פונם שטיק, וויפיל שאָען אין טאָג ס'האָט זיך נאָך געלאָזט און ער האָט „אריינגעשאָסן", געארבעט אָפּט איבער די קויכעס.

די ארבעטער פון שאָפּ פלעגן צו אים אָפּט זאָגן: געדיינק, סעמ־קע, וועסט געשווינט פאַרלירן די קויכעס און דאַן גאָרניט קענען מער טאָן פון אזוי שווער ארבעטן.

דערויף פלעגט ער שפּאָטיש ענטפערן: וואָס מיינט איר, איך וועל זיך שפּילן בא דער ארבעט ווי איר? איר דענקט צו פאַרבלייבן ארבעטער אייער גאַנץ לעבן, דערפאַר ארבעט איר אזוי פּאַמעלעך. איר ווילט זיך פאַרזאָרגן, אז איר זאָלט אף צומאָרגנס האָבן וואָס צו טאָן, אָבער ניט איך! איך וויל ניט בלייבן קיין ארבעטער דאָס גאַנצע לעבן, און דערפאַר, אז עס קומט דער סעזאָן, טו איך ארבעטן און זע טאַקע צו מאַכן וואָס מער און מער, אָפּשפּאָרן א פּאָר דאָלאר (מיינענדיק טויזנטער) און ווערן אוים ארבעטער, און גיין אַליין אין „ביזנעס".

אַט מיט דעם געדאַנק: זיך ארויפאַרבעטן, גיין אין „ביזנעס“, האָבן שקלאַפן, וועלכע זאָלן פאַר אים אַרבעטן, האָט ער זיך די גאַנצע צייט אַרומגעטראָגן. און מיט וואָס פאַר אַ זאַך די אַרבעטער פלעגן זיך צו אים ווענדן, סיי וועגן אַ יוניאָן פראַגע, סיי וועגן אַן עקאָנאָמישער פראַגע, פלעגט ער אַלץ אָפּפּאַטערן מיט די ווערטער: ווענדט זיך צו די אַרבעטער, איך בין ניט קיין אַרבעטער...

ניט נאָר דעם אַמעריקאַנעם דאַלאַר האָט סעמקע אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, נאָר אויך אַמעריקע, געווען אַ פאַרברענטער אַמעריקאַנער פאַטריאָט. פאַר דער אַמעריקאַנער פאָן וואָלט ער אין דער ערד גע־גאַנגען. די איינציקע פּאַרטיי, פאַר וועלכער ער האָט געשטימט אין צייט פון די וואַלן, איז געווען די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. צו איר האָט ער אויך געהערט און פלעגט פאַר איר פּראָפּאַגאַנדירן.

---

פון זיינע אַלע יאָרן שווערער אַרבעט איז ער געבליבן באַם דאַ־לעס. ער האָט אָנגעהויבן קריינקען, דורכגעמאַכט צוויי שווערע אָפּע־ראַציעס, און אין די עטלעכע כאַדאָשים פון זיין קריינקען איז באַ אים אַוועק דאָס גאַנצע אָפּגעשפּאָרטע געלט און אים נאָך געמאַכט פאַר אַבאַלכויוו.

ער האָט זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט. ער איז שוין מער ניט געווען דער זעלבער סעמקע ווי אַמאָל. זיינע הענט און פיס האָבן זיך איצט אָפּגעזאָגט אים צו דינען, זיי זיינען עפּעס ווי פויל געוואָרן. פריער, איידער ער איז קראַנק געוואָרן, פלעגט ער זעלטן ווען פעלן אַ טאָג אין שאַפּ. ווי קראַנק ער פלעגט זיין, פלעגט ער אַלץ קומען צו דער אַרבעט, דורכשטופּן דעם טאָג, ווייל געלט איז באַ אים גע־שטאַנען העכער אַפילע פון זיין געזונט. אָבער איצט? ניט קומען צו דער אַרבעט איז באַ אים אַ גאַנץ אָפטע דערשיינונג. איצט טוט באַ אים איין „ניר“ די אַרבעט, וואָסביידע „נירן“ האָבן פריער גע־טאָן. ווען דער „ניר“ שטריינגט זיך צו־פיל אָן, איז ער שוין געצוואונגען צו פאַרבלייבן אַ טאָג און אַמאָל צוויי אין הויז. דער־פאַר מאַכט ער אַ קלאָגעדיקן לעבן. די כויוועס קען ער אַלץ ניט אָפּצאָלן.

זיין טרויעריקע לאַגע האָט אים טאַקע געצוואונגען אויפצוגעבן

דעם געדאַנק פון זיך אַרויפאַרבעטן און ווערן אַ באָס. נאָר ער איז נאָך אַלץ געבליבן אַן אַמעריקאַנער פּאַטריאָט און געשטימט פאַר דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

---

אין אַ מאַנטיק איז ער ניט געקומען אין שאַפּ אַריין. די אַר־בעטער האָבן באַ זיך געטראַכט, אַז ער איז מיסטאָמע ווידער קראַנק. אַף מאָרגן איז ער געקומען.

— קראַנק געווען, סעמקע? — האָט אים אַן אַרבעטער גע־פרעגט.

— ווען דו וואָלסט היינט ניט געקומען צו דער אַרבעט, — האָט אַ צווייטער אַרבעטער זיך אָפּגערופן — וואָלט איך אין אָוונט דיך באַזוכט.

— דאָס מאָל בין איך ניט געווען קראַנק. בין געזעסן אַ טאָג אין „דזשייל"...

— וואָס?! — האָבן אַלע אויסגעשריען מיט איינמאָל און אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— יאָ... יאָ... אין „דזשייל" בין איך געזעסן.

— פאַרוואָס?

— ניט פאַר גנייווע, אָדער פאַר באַשווינדלען, נאָר גלאַט פאַר גאָרנישט!

— פאַר גאָרנישט?!

— יאָ, יאָ... פאַר גאָרנישט...

ער נעמט דערציילן:

— נעכטן אינדערפרי, גייענדיק צו דער אַרבעט, איז צו מיר צוגעקומען אַ פּאָליסמאַן, מיך פריינטלעך באַגריסט און מיך געפרעגט וואו איך גיי. איך האָב זיך פאַר אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ניט געוואוסט וואָס אים צו ענטפערן. איך האָב אים גענומען גוט באַטראַכטן, גע־קוקט אים גלייך אין די אויגן, ווייל אין זיין פרעגן האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, ווי ער זאָל פּלוצלינג האָבן באַגעגנט אַן אַלטן אַמאָליקן פריינט, וועלכער דערקענט מיך, איך אים—ניט.

— „דאָנט לוק עט מי סאָ" — טוט ער צו מיר אַ זאָג און גלאָצט אויס אַף מיר אַ פּאָר קעלבערנע אויגן.

בין איך שוין געווען זיכער, אַז עס איז ניט אַ פריינט, נאָר אַן עמעסער פּאָליסמאַן, מיט אַ גראָבן שטעקן. האָב איך אים מיט שטאָלץ געענטפערט: „וואָס הייסט דו פרעגסט מיך, וואו איך גיי? וואָס איז דאָס דיינע ביזנעס? פאַרוואָס פרעג איך עס דיך ניט?

— „יו אַר טו פרעש, קאָם וויטה מי„—טוט ער צו מיר אַ געשריי, און זיין גאַנץ פּאָנים ווערט רויט פאַר רעציכע.

— וואָס מיינסטו, איך זאָל גיין מיט דיר? איך דאַרף גיין אַר־בעטן, איך דאַרף מאַכן אַ לעבן פאַר מיין פאַמיליע....

— „נעווערמיינד טו וואָירק“! — אַלע זאָגן דעם זעלבן טערעץ, דו גייסט פּיקעטן!

ס'העלפט ניט קיין בעטן, קיין איבערצייגן — איך האָב געמוזט גיין מיט אים.

ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ גרופּע אַרעסטירטע סטרייקנדיקע דרעסמאַכער. עטלעכע פון דער אַרעסטירטער גרופּע האָבן אים גע־בעטן ער זאָל מיך באַפרייען, ווייל איך בין ניט קיין סטרייקער. ס'האָט אָבער ניט געהאָלפן. אביסל שפּעטער איז צוגעקומען אַ פּאַטרול־וואָגן און אונז אָפּגעפירט אין „פּאָלים סטיישאָן“.

אַ גאַנצן טאָג זיך אָפּגעמוטשעט, ניט געגעסן, ניט געטרונקען. ווען ניט די לינקע יוניאָן, וועלכע האָט אַריינגעשיקט „סענדוויטשעס“, וואָלט איך דעם טאָג ניט אויסגעהאַלטן... ערשט אַרום פינף פאַר־נאַכט בין איך צוריק געווען אויף דער פריי.

---

אַז סעמקע האָט געענדיקט דערציילן האָבן זיך אַלע אַרבעטער צעלאַכט.

— וואָס לאַכט איר, וואָס? — האָט ער מיט אַ וויינענדיקער שטימע געפרעגט — ווען איר ליגט אַ גאַנצן טאָג פאַרשפּאַרט הינטער גראַטעס, „פאַר גאָרניט“... ניט געגעסן, ניט געטרונקען און פאַר־לירט נאָך דערצו אַ טאָג סכירעס, וואָס איר דאַרפט אַזוי נויטיג האָבן, וואָלט איר שוין ניט געלאַכט...

— מיר לאַכן שוין גאָרניט פון דער פּאַסירונג — האָט מייער דער שניידער זיך אָפּגערופן — מיר ווייסן, אַז אַזעלכע פּאַסירונגען ווי פאַרשיקן אַרבעטער אין טפיסעס פאַר „גאָרניט“ איז אַ גאַנץ נאַ־

טירלעכע דערשיינונג אין אונזער קלוימערשט דעמאָקראַטישער אַמע־ריקע. מיר לאָבן נאָר וואָס דיינע איינענע פריינט, דיינע גוטע „באַ־יעס", פאַר וועלכע דו האָסט אַלע דיינע יאָרן געשטימט און זיי פאַר־טיידיקט, האָבן עס דיר געטאָן...

— אָבער ניט מער! ניט מער! — האָט ער אויסגעשריגן אין אַ טאָן פון כאַראַטע, און טרערן האָבן אים געשטיקט. — איר האָט רעכט. איך אַליין האָב פאַר זיך געפלאָכטן דעם קאַנטשויס, וואָס זאָל מיך שמייסן... אָבער ניט מער! פון היינט אָן וועל איך אויס אַמע־ריקאַנער פּאַטריאָט! איך וועל קעמפן צוזאַמען מיט אייך, קעגן דער קלוימערשטער דעמאָקראַטישער פרייהייט, וואָס פאַרבלענדט מיליאָ־נען מענטשן די אויגן.

סאָף וואָך, ווען סעמקע האָט געעפנט זיין קאָנווערט, איז ער געווען איבערראַשט, ווען ער האָט געפונען, אַז פון זיינע וועכנטלעכע סכירעס האָט קיין סענט ניט געפעלט.

— איר ווייסט, אַז דער באָס האָט געמאַכט אַ טאָעס — האָט סעמקע געזאָגט צו די אַרבעטער פון שאַפּ — ער האָט מיר געגעבן די גאַנצע סכירעס.

דער באָס האָט שוין גאָר ניט געמאַכט קיין טאָעס — האָט מיער זיך אָפּגערופן — דאָס האָבן מיר דיר געגעבן אַ מאַטאָנע פאַר ווערן אַ מיטגליד אין דער אַרבעטער־מישפּאָכע.

פאַר פרייד האָבן אים טרערן געשטיקט. ער האָט ניט געוואוסט, ווי אַזוי אויסצודריקן זיין האַרציקן דאַנק צו זיינע נייע עמעסע אי־בערגעגעבענע כאַוויירים.

# ער האָט זיך אָפּגערעכנט...

מיסטער ק. איז אַמאָל געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער סקעב. וואו מען פלעגט סטרייקן, בּאַ וואָסער פאַך עס האָט זיך אים געמאַכט, האָט ער געסקעבט.

איז זיינער אַ שוואָגער צו אים אַמאָל צוגעשטאַנען, אַז ער זאָל אַוועקוואַרפן די „אַרבעט" און זיך נעמען „האַנדלען" אויף וואָל־סטריט. אים האָט זיך אָבער ניט געגלוסט צו נעמען צו דעם מיסכער, ווייל פאַר זיינע פאַר טאָלער האָט ער ניט איינמאָל ריזיקירט מיטן לעבן... האָט אים אָבער דער שוואָגער פאַרזיכערט, אַז אויב די שערס אויף וואָל־סטריט וועלן פאַלן, וועט ער, דער שוואָגער, אים גוטמאַכן דעם פאַר־לוסט. אַזוי זיכער איז יענער געווען מיט די וואָל־סטריט „ביזנעס".

האָבן אים די וואָל־סטריט ביזנעס אַ שטיקל צייט אָפּגעגליקט. האָט ער איינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן דאָס סקעבעריי און וואָס ער האָט פאַרמאָגט האָט ער אַריינגעלייגט אין וואָל־סטריט.

בעקיצער, ביים ערשטן קראַך אויף וואָל־סטריט איז מיסטער ק. געבליבן אַ פאַרלאָרענער סקעב. איז ער געלאָפן צום שוואָגער נאָך געלט, אָבער יענער האָט אויך בעסער ניט אָפּגעשניטן אויף וואָל־סטריט. איז ער אַרומגעלאָפן צווישן פריינט, קרוויים, באַקאַנטע, אָבער אַלע האָבן שוין געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און מ'האָט אים קיין געלט ניט געוואָלט באָרגן. האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער פאַר־מאָגט נאָך אַן „אינשורענס פּאָליסי". איז ער אַוועק צו דער קאָמ־פּאַני, אַז זי זאָל אים באָרגן טויזנט דאָלאַר.

אָבער די קאָמפּאַני האָט אים אויך קיין טויזנט דאָלאַר ניט גע־וואָלט באָרגן, ווייל אויף זיין צוויי טויזנט דאָלאַרדיקער פּאָליסי האָט ער ערשט געהאַט אויסגעצאָלט עטלעכע הונדערט דאָלאַר. איז מיס־טער ק. שוין שטאַרק דערצאָרנט געוואָרן און האָט אַ סטראַשע גע־טאָן דער קאָמפּאַני: אויב איר באָרגט מיר ניט די טויזנט דאָלאַר וועט איר שפּעטער בּאַראַטע האָבן!

און לאָזט מיר אייך זאָגן, אַז די אינשורענס קאָמפּאַני האָט טאַקע באַראַטע געהאַט, ווייל מיט אַ וואָך שפּעטער, האָט די קאָמפּאַני באַדאַרפט אויסצאָלן פיר טויזנט דאָלאַר („דאָבל אינדעמניטי") צו דער אַלמאָנע פון מיסטער ק.

# SAY IT WITH SONGS!

אינם „סיין־שאָפּ“ פון דעם גריכישן באָס קאַמפּוריס (אָדער ווי די אַרבעטער רופן אים — „קאַפּאַרעס“) אַרבעטן בלויז אידישע אַר־בעטער.

קיין איטאַליענישע אַרבעטער, זאָגט ער, וויל ער נישט, ווייל ער פאַרשטייט נישט זייער ענגליש. קיין גריכישע אַרבעטער וויל ער אויך נישט, ווייל זיי פאַרשטייען וואָס ער רעדט מיט זיינע ביזנעס־לייט. האַלט ער בלויז אידישע אַרבעטער.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין דעם שאַפּ אַרבעטן, האָב איך זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן אויספרעגן בא די אַרבעטער וועגן די באַ־דינגונגען פון שאַפּ, וואָס פאַר א הונט מיט אויערן דער באָס איז. אַז דער באָס האָט מיך דערהערט רעדן, האָט ער אויסגעשריגן:

— „נאָ דזשוּאיש טאָק אין מאַי שאַפּ! טאָק ענגליש!“

— זינגען אידיש מעג מען? — פרעג איך אין ענגליש.

— יע, — ענטפערט ער מיר אין אידיש.

האָבן מיר געזונגען, ווען מיר האָבן געדאַרפט... און אַזוי אַרום האָב איך צונויפגערעדט זיך יעדן טאָג מיט די אַרבעטער און זיך מיט זיי גאָר־גאָר כּשוועריש באַפריינדעט.

איין טאָג האָט מיך דער באָס אוועקגעשיקט אַף א „דזשאָב“. איך האָב אין שאַפּ איבערגעלאָזט א פּעקל רויטע ערשטער־מאַי־ליפ־לעטס. ווען איך בין אוועק, האָט ער קלוימערשט צופעליק געעפנט דאָס פּעקל און אויסגערופן — „הי איז א באָלשעוויק!“ (אין מאַמע־לאָשן) און פאַרענדיקט אין ענגליש: — איך וועל אים נאָך היינט אוועקשיקן.

ווען איך בין צוריקגעקומען, האָט איין ארבעטער מיר אויסגע־זונגען די געשיכטע מיט דער מעלאָדיע פון „ארבעטער ברידער“. נאָכדעם האָט א צווייטער ארבעטער אויסגעזונגען אן אנדער ניגען, אז ווען ער וועט מיך הייסן גיין, וועלן אלע אראָפּגיין. דאָס האָט ער אזוי הארציק געזונגען, אז אפילע דער באָס האָט באמערקט:

— „נייס סאָנג, וועריְ נייס“.

נאָר פארנאכט, ווען דער באָס האָט מיר דערלאנגט מיין „פּעי“ און מיר מער נים געהייסן קומען, האָבן אלע ארבעטער א זונג־געטאָן מיט דעם זעלבן ניגען:

— אויב ער גייט, גייען מיר אלע מיט.

דער באָס האָט מיך שוין נים אוועקגעשיקט, און אז עמיצער פון אונז זינגט איצט, ציטערט אף אים די הויט.

# אימפעריאליסטישע מייז

ריידן ארבעטער וועגן דעם איצטיקן קריזיס, וואָס שטייגט פון טאָג־צו־טאָג אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אַ כּוץ אין דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואו ס׳ווערט פון טאָג־צו־טאָג אַלץ בעסער און בעסער. רופט זיך אָפּ אַן עלטערער ארבעטער:

איר האָט נישקאָשע דערקלערט, אָבער איך פאַרשטיי עס נאָך אַלץ ניט...

— אויב אַזוי, — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער ארבעטער, — דאַרף מען דעם אידן דאָס דערקלערן דורך אַ מאָשל:

— אין אַ שפּיטאָל האָט אַ דאָקטאָר געהאַט אויפזיכט איבער זעקס פּאַציענטן. איין טאָג קומט דער דאָקטאָר אין שפּיטאָל אריין און פרעגט בּאַ דער נוירס וואָס זיינע פּאַציענטען מאַכן.

— פינף האַלטן בּאַ גסיסע... — ענטפערט די נוירס. — נאָר איינער ווערט פון טאָג־צו־טאָג אַלץ געזינטער און שטאַרקער.

— פון זעקס ווערט בלויז איינער געזונט! — רופט זיך אָפּ דער דאָקטאָר — דאָס קען איך ניט פאַרשטיין.

— ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין, — ענטפערט די נוירס, — דער איינער וויל ניט נעמען אייער מעדיצין.

— און אָט איז דער מאָשל, — זאָגט דער זעלבער ארבעטער:
— אונזער וועלטל איז איינגעטיילט אין זעקס טיילן. פינף טיילן נעמען איין די מעדיצין, וואָס דער קאַפּיטאַליסט גיט איין, נאָר דער זעקסטער, דער סאָוועטן־פאַרבאַנד, נעמט ניט די דאָזיקע מעדיצין.

— איצט פאַרשטיי איך שוין — רופט זיך אָפּ דער עלטערער ארבעטער, — פאַרוואָס די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס האַלטן צווישן זיך אָפּ געהיימע קאָנפערענצן.

— דאָס פּלאַנירן זיי ווי איינצוגעבן די מעדיצין, — ווייל דאָס איינציקע ארבעטער־לאַנד שטייט זיי ווי א ביין אין האַלז. זיי זוכן אַלערליי מיטלען ווי דערפון פּאָטער צו ווערן. ניט דערלעבן וועלן זיי דאָס!

— א מילכאָמעלע ווילט זיך זיי, די בעסטיעס! — זאָגט א צווייטער.

— טאָ פארוואָס מאַכן זיי טאַקע ניט קיין מילכאָמע? — פרעגט דער זעלבער עלטערער ארבעטער.

— איך וועל דאָס אייך אויך דערקלערן דורך א מאָשל — זאָגט דער צווייטער ארבעטער און נעמט דערציילן:

„א גרופּע מייז, וועלכע האָבן זיך געפונען אין א שפּייכלער מיט עסנווארג, האָבן צווישן זיך גערופן א קאָנפערענץ, צו געפינען א מיטל זיך צו פארהיטן פון דער קאַץ, אז זיי זאָלן קענען פרעסן אומגעשטערט און זייער לעבן זאָל ניט זיין אין געפאַר.

„מ'דארף אויפהענגען א גלעקל אפן האַלז פון דער קאַץ, האָט איין מויז זיך אָפּגערופן, אז דאָס גלעקל וועט קלינגען וועלן מיר וויסן, אז די קאַץ קומט און מיר וועלן זיך אזוי נאָך קענען אויס־היטן פון א געפאַר".

אַלע זיינען מיטן פּלאַן געווען איינפארשטאַנען, ס'האָט זיך אָבער ניט געפונען קיין איין מויז, וועלכע זאָל וועלן איינשטעלן דאָס לעבן און גיין אויפהענגען דאָס גלעקל.

— מיט די אימפּעריאַליסטישע (מייז) מעלוכעס איז דאָס זעלבע. א מילכאָמעלע איז טאַקע פאַר זיי דער בעסטער פּלאַן. זיי האָבן אָבער ניט ווער עס זאָל אָנהויבן די מילכאָמע, יעדער איינער האָט מוירע פאַר דער איינענער פעל.

# אינם קינדס וועג . . .

עטלעכע טעג פאר עלעקשאָן־טאָג, איז בערל אהיימגעקומען פון רעליף־ארבעט און געזאָגט צו זיין אידענע:

— סערע, ווייסטו פארוואָס איך האָב פארלאָרן מיין דזשאָב, פארוואָס מיר האָבן פארלאָרן דאָס געלט אין דער יו. עס. באַנק?

— פארוואָס? — פרעגט די פרוי נייגעריק.

— ווייל איך האָב געזינדיקט קעגן גאָט.

— טאַקע? — גלאָצט אויס די אידענע אַ פּאָר אויגן — און וואָס באַשטייט די זינד?

— אַלס ארבעטער האָב איך ניט געטאָרט שטימען פאר די דער־מאָקראַטן — דערקלערט בערל — עמעס, ווען ניט זיי וואָלט איך קיין סיטיזן ניט געקענט ווערן, ווייל איך קען ניט שרייבן און לעזן קיין ענגליש. איך האָב, אָבער, געקענט זיי אָנפּייפן, זיי צוזאָגן, און דער־נאָך שטימען פאר די סאָציאַליסטן. פון היינט אָן און ווייטער שטים איך פאר די סאָציאַליסטן.

— איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז גאָט איז אַ סאָציאַליסט — האָט פערעלע, זייער טעכטערל זיך אָפּגערופן.

— לאָך ניט פון גאָט, פערעלע, ס'איז אַ זינד — האָט די מאַמע זיך אָפּגערופן.

— פערעלע, מיין קינד, איך וויל דיר עפּעס בעטן — האָט דער טאַטע צו איר זיך געווענדט — אזוי ווי דו פאָרסט מאָרגן דאַון־טאַון, אין סקול, גיי ארויף צום „פאָרווערטס" און קויף מיר אַ טיקעט צום עלעקשאָן־מאַסן־מיטינג, וואָס דאַרף פאָרקומען זונטיק.

— וואָס איז די איילעניש? — האָט די פרוי געפרעגט — טאָ־מער קענסטו זונטיק גאָר איינגאַנצן ניט גיין? אויב דו וועסט יאָ קענען גיין וועסטו קריגן אַ טיקעט זונטיק אויך; מ'צעכאַפּט זיי נאָך ניט.

— זונטיק קען אמאָל זיין צו־שפּעט — האָט בערל געענטפערט — דו מיינסט, עפּשער, אַז איך בין דער איינציקער? אַזעלכע גאָט־געשטראָפטע ווי איך זיינען איצט דאָ אין די טויזנטער, וועלכע האָבן זיך איצט דערמאָנט, אַז זיי זיינען אַמאָל סאָציאַליסטן געווען. וועלן זיי אַלע איצט קומען. דערפאַר דאַרף מען זיך פריער באַזאָרגן מיט אַ טיקעט.

— איך האָב שוין אַ טיקעט, פּאַ! — האָט פּערעלע געענטפערט — נעכטן באַטאָג האָט אויפן ראָג גערעדט אַ סאָציאַליסט, און ער האָט צעטיילט טיקעטס אומזיסט. אַז ס'קאָסט ניט קיין געלט האָב איך גענומען דריי טיקעטס.

— פאַר וועמען דאַרפסטו עס דריי טיקעטס? — האָט דער טאַטע געפרעגט.

— פאַר דיר, פאַר דער מאַמען און פאַר מיר.

— זעסטו, סערע — האָט בערל גערעדט צו דער אידענע — דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פונם בוימעלע: אונזער פּערעלע גייט אין טאַטנס וועג — אַ סאָציאַליסטקע געוואָרן.

— ס'רעדט זיך נאָר אַזוי „אין טאַטנס־וועג" — האָט פּערעלע זיך אָפּגערופן — ניט אַלע מאָל איז עס גוט, אַז דאָס קינד זאָל גיין אין טאַטנס וועג. אַ סאַך מאָל איז בעסער, אַז דער טאַטע גייט אין קינדס וועג.

— סערע, וואָס זאָגסטו צו דעם, האַ? — האָט בערל געזאָגט — אונזער פּערעלע איז גאָר אַ גאַנצע פילאָזאָפקע געוואָרן. סערע, זאָג זיך וואָס דו ווילסט: די סאָציאַליסטן זיינען פיינע מענטשן. זיי ווייסן, אַז ס'איז שלעכטע צייטן, מענטשן קענען ניט באַצאָלן פאַר קיין טיקעטס — צעטיילן זיי די טיקעטס אומזיסט...

— און מיר דאַכט זיך — האָט פּערעלע זיך אָפּגערופן — אַז ס'איז ניט צוליב דעם. ס'איז דערפאַר, ווייל זיי האָבן מורא, אַז דער האָל זאָל זיין ליידיג, און לאָמיך דיר זאָגן, פּאַ, אַז אומזיסט האָט קיינער ניט געוואָלט נעמען.

זונטיק, גייענדיק צום מיטינג, האָט בערל געזאָגט:

—מ'דאַרף קויפן אַ „פאָרווערטס" אַ קוק צו טאָן וואו דער מיטינג קומט־פאָר.

— מ'דאַרף ניט, פּאַ, — האָט פּערעלע געענטפערט — איך ווייס וואו. אפן טיקעט איז אָנגעשריבן. איך וועל אייך שוין פירן.

—הייסט עס — האָט בערל געשמייכלט — אַז דו ווילסט טאַקע אַז מיר זאָלן גיין אין דיין וועג.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום האָל, זיינען טויזנטער געשטאַנען אין ריי צו קויפן אַ בילעט.

—נו, ווער איז קלוג? — האָט בערל געפרעגט — איך האָב אייך געזאָגט, אַז ס'וועט זיין געפּאַקט. נאָך גוט וואָס מיר האָבן טיקעטס.

דער האָל איז געווען איבערגעפּאַקט. ס'האָט געהערשט אַ יאָנ־טעוודיקע שטימונג. זיי האָבן געפונען אַ פּלאַץ און זיך אוועקגע־זעצט. דער מיטינג האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן. אַף דער בינע איז געהאַנגען אַ גרויס בילד, און די פרוי האָט געפרעגט:

— בערל, ווער איז דאָס אפן בילד?

—כ'וועל דיר זאָגן דעם ריינעם עמעס: כ'ווייס אַליין ניט.

— פּאַ, ניט שיין, אַז אַן אַרבעטער זאָל ניט וויסן ווער דאָס איז.

— וואָס האָסטו געוואָלט כ'זאָל קענען אַלע סאָציאַליסטן? כ'קען אייב סאַהאַן.

— איך קאָן אים יאָ, פּאַ, — האָט פּערעלע זיך אָפּגערופן.

— אַלץ ווייסט זי און יעדן קען זי — האָט בערל געזאָגט — באַדער ניט, לאָז הערן אַ אידיש וואָרט.

דער רעדנער האָט דערציילט וועגן די קאַפּיטאַליסטישע פּאַר־טייען.

— דו הערסט רייד? — האָט בערל געשטורקעט דער אידענע — נאָר סאָציאַליסטן קענען אַזוי רעדן.

— איצט וועל איך רעדן וועגן דער דריטער קאַפּיטאַליסטישער פּאַרטיי — וועגן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — האָט דער רעדנער געזאָגט.

בערל איז געבליבן זיצן צעמישט, ווי מ'וואָלט אים געגעבן מיט אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ.

— וואָס פאַר אַ מיטינג איז דאָס? — האָט בערל געפרעגט.

— אַ קאָמוניסטישער מיטינג, פּאַ, — האָט פּערעלע געענט־פערט — און דער וואָס אפן בילד, איז לענין.

בערל איז געוואָרן שטארק אויפגערעגט:

— דיין מאַזל וואָס ס'איז אַ פּאָבליק־פּלאַץ. אינדערהיים וועל איך דיר שוין ווייזן, ווי מ'פירט אַ טאַטן ארונטער פון וועג...

ער האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן און אוועקגיין, נאָר די פרוי האָט אים געבעטן ער זאָל בלייבן זיצן.

מיט יעדן רעדנער, וואָס ער האָט ווייטער געהערט, איז דער קאָס בא אים אַלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרן. ווען ער איז ארויס פון האָל איז דער קאָס שוין געווען אינגאַנצן פארשוואונדן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַנאַכט, שוין ליגנדיק אין בעט, האָט פּערעלע געהערט ווי איר טאַטע האָט געזאָגט:

— איך האָב גאָרניט געוואוסט, אַז די סאָציאַליסטן זיינען אַזעל־כע פּאַסקודנע מענטשן, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז אַ דריטע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטיי. מ'דאַרף פּרובירן אויסגעפינען צי דאָס איז עמעס. אויב יאָ, איז פּערעלע גערעכט:

וועל איך דאַרפן גיין אין פּערעלעס וועג.

# „ביזנעס" איז „ביזנעס"

ער איז א געוועזענער פּאָעט, וואָס איז געקומען צום באַשלוס, אַז ס'לוינט זיך ניט צוליב דעם בלויזן נאָמען „פּאָעט" צו ברעכן זיך און יענעם דעם קאָפּ און שרייבן לידער, אַז קיין לעבן מאַכט מען אויך ניט דערביי....

האָט ער זיך מעיאַשעוו געווען: זאָלן אַנדערע זיך ברעכן די קעפּ, און איז געוואָרן א פּאַרלעגער, און מאַכט א לעבן דערפון, וואָס ער רעדט עמיצן איין, אַז די ביכער, וואָס ער גיט אַרויס, זיינען די בעסטע. מיט דער איינרעדעניש פאַרט ער אַרום פאַרקויפן אַף דער פּראָווינץ.

אַנומעלטן טרעף איך אים אין גאַס, פרעג איך אים פערזענ־לעך:

— „ביזנעס"?

— צאָרעס, — מאַכט ער, — דער עולם וויל ניט קויפן קיין ביכער.

— סטייטש?

— סטייטש, — זאָגט ער, — גאַנץ פּאַשעט: ביכער פון לינקע שרייבער ווילן רעכטע ניט קויפן; ביכער פון רעכטע שרייבער ווילן לינקע ניט קויפן; די איבריקע ווילן אינגאַנצן אַזעלכע שטיינער־ביכער ניט קויפן.

— וואָס־זשע וועט איר טאָן, צוריק ווערן א פּאָעט?

— ניין. — שאָקלט ער מיטן קאָפּ.

— וואָס־זשע דען?

נעמט ער אַרויס א ניי ביכל און דערלאַנגט דאָס מיר. איך טו א קוק, ס'איז א ביכל מיט ווערק פון פאַרשיידענע שרייבער, לינקע, רעכטע, אָרטאָדאָקסישע, פּאַטריאָטישע, אידיאָטישע און אַנדערע. און ער דער געוועזענער, שטייט, קוקט אַף מיר און אָפן ביכל און שמייכלט:

— איר פאַרשטייט? דאָס איז א „דעפּאַרטמענט־סטאָר". זיי זאָלן אפילו קראַפּירן מוזן זיי קויפן...

# איך זייט אליין שולדיק...

(אַ מאָנאָלאָג פון אַן „אומפּאַרטייאישן")

ס'איז דאָ אַ שפּריכוואָרט: „קיינער קען דיר קיין שלעכטס ניט טאָן, ווען דו טוסט זיך עס ניט אַליין".

איך בין דערמיט איינשטימיג. ווילט איר דאָך אַוודע וויסן פאַרוואָס? טאָ הערט:

איר, קאָמוניסטן, זאָגט אַז די רעכטע צעבּרעכן די יוניאָנס. און איך זאָג: אין זייער צעבּרעכען די יוניאָנס זייט איר אַליין די שול-דיגע!... פאַרוואָס — פרעגט איר? פּראָסט-פּאָשעט. וואָלט איר זיך צו זיי ניט געטשעפּעט, נאָר געלאָזט די רעכטע יוניאָן-פירער ווייטער פירן, ווי זיי האָבּן ביז איצט געפירט, וואָלטן זיי זיך צו אייך אויך ניט געטשעפּעט, און זיכער ניט צעבּראָכן די יוניאָנס. ווייל קענען זיי דען באַ עפּעס אַנדערש מער פאַרדינען?... זאָל זיין, אַז זיי נעמען גרעפט, נאָר וואָס איז דאָס אייער אייסעק? נעמען זיי עס דען באַ אייך? אַז די באָסעס גיבּן, זאָלן זיי עפּשער ניט נעמען? און אַז אייער באָס, באַ וועלכן איר אַרבּעט, וואָלט אייך סאָף וואָך געגעבּן עטלעכע דאָלאַר עקסטרע, וואָלט איר זיך דען אָפּגעזאָגט צו נעמען? איר וואָלט באַ זיך געטראַכט: „באַ אַ כאַזער אַ האָר אויסגעריסן". נישט אַזוי?

און אַז די רעכטע יוניאָן-פירער פאַרמאָגן „ריעל-עסטייט" און האָבּן ליגן טויזנטער אין באַנק, נו, איז וואָס? דאַרף מען שוין מאַכן אַזאַ טאַראַראַם — זיי צו פאַרדאַמען און זאָגן אַז ס'איז פאַרע-טעריש און נידערטרעכטיג פאַר אַרבּעטער-פירער צו האָבּן „ריעל-איסטייט"? איך דענק פּונקט פאַרקערט: איר האָט געדאַרפט זיין

דערמיט צופרידן, ווייל וואָלט דען שענער געווען, אז אנשטאט וואָס זיי קויפן „ריעל־איסטייט“, וואָלטן זיי דאָס געלט פאַרשפּילט אין קאָרטן, אָדער אין פערדלעך ?... דאָס ווייזט, אַז די רעכטע פערד — אנטשולדיגט, כ׳מיין: די רעכטע פירער — זיינען לייטישע מענטשן, אז זיי ווייסן ווי צו „סייפן“ א טולער. נו, זאָגט אליין: וואָלטן אייערע קאָמוניסטישע פירער דאָס אויך געקענט באווייזן ?... אייערע פירער זיינען דאָך גרויסע אָרימעלייט. זיי האָבן דאָך פּאַשעט דעם טאָג ניט איבערצולעבען...

די צאָרע מיט אייך איז, וואָס איר זייט ניט קיין פאַרגינערס. ווען א זאַך, מיט וועלכער איר וואָלט געדאַרפט זיין צעפרידן, מאַכט איר גאָר א טומל און איר רופט זיי גרעפּטערס! פּאַרעטערס! וואָס וואָלט איר געוואָלט, אַז זיי זאָלן אייך דערפאַר עפּשער געבן א קוש אין בעקל ? מיר דאַכט זיך, אַז איר פאַרדינט זיך, אַז זיי זאָלן אייך צעברעכן די ביינער, נאָר אזוי ווי איר לאָזט זיך ניט, האָבן זיי ניט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי צעברעכן די יוניאָנס.

איצט, זאָגט אליין: זייט איר ניט די שולדיגע ?!...

---

א־יאָ דער „פאָרווערטס“ ווארפט טאָג־איין טאָג־אויס שמוץ אף אייך, קאָמוניסטן, זידלט אייך אָלא „יענטע“, טראַכט אף אייך אויס בילבולים, וואָס ניט געשטויגן ניט געפלויגן, דרוקט פאַלשע דאָקומענטן נעגן אייך ? גלויבט מיר, אַז איר דאַרפט אפן „פאָרווערטס“ גאָר קיין פּאַראיבל ניט האָבן, ווייל ס׳איז אייער שולד, וואָס ער ווענדט אָן א זעלבע זאַכן געגן אייך. און אָט פאַרוואָס:

מיר אַלע ווייסן, אַז דער „פאָרווערטס“ האָט געהאַט א גוט־גייענדיג „ביזנעסל“, אַז אַכוץ וואָס די יענטעס און מוישעס האָבן עס אַלעמאָל געלייענט און לייענען עס נאָך איצט, האָט איר, קאָמוניסטן, עס אויך אַמאָל געלייענט. אורזאַך: ווייל ס׳האָט געטראָגן אף זיך א שילד מיט א לאָזונג, „ארבייטער פון אַלע לענדער, פאַראייניגט אייך“. איר ווייסט דאָך, אַז אויב די צירקולאַציע פון א צייטונג איז גרויס, נעמט זי טייערער פאַר די „אדווערטייזמענטס“ און מען מאַכט גרויסע פּראָפיטן.

האָט, איר, קאָמוניסטן, אָבער געגרינדעט אַן אייגענע צייטונג, די „פרייהייט“, און איר האָט אויפגעהערט לייענען דעם „פאָרווערטס“.

דאָס, וואָס איר זייט אוועק, האָט זיי געאַרט ווייניג. זיי האָט בלויז געאַרט, וואָס די צירקולאַציע פון „פאָרווערטס“ איז געפאַלן, ווייל דערפאר זיינען די „אדווערטייזמענטס“ ביליגער געוואָרן און די פּראָ־פיטן קלענער געוואָרן. אַ כּוץ די 350 דאָלאַר „ווייזשעס“, קאָן מען שוין מער ניט נעמען קיין זייטיגע עטלעכע הונדערטער. דאָס וואָלטן זיי אייך עפשער נאָך געקענט מוחל זיין. זיי וואָלטן זיך עפשער באַנוגנט, מיט די „ווייזשעס“ אליין. האָט איר זיך, אָבער, פאַרלייגט אַז איר מוזט באַם „פאָרווערטס“ אוועק נעמען אַלע אַרבעטער־לעזער. מיר דאַכט זיך, אַז קיין ביזנעס־מאַן וואָלט אַזאַ זאַך נישט פאַרשוויגן. דאָס מיינט דאָך פּאָשעט, אַז איר ווילט זיי אַרויסטרייבן פון ביזנעס און פון זיי פּאָטער ווערן.

טאָ וואָס וואָלט איר געוואָלט, אַז פאַר אַזאַ אַרבעט זאָלן זיי וועגן אייך עפשער נאָך שרייבן גוטס; לויבן אייך עפשער אין זיבעטן הימל אריין? זעט איר, ווען זיי קענען אייך אַלע דאַרט אויף אייביג אַרויפשיקן, וואָלטן זיי עס זיכער געטאָן.

איצט זאָגט אליין: זייט איר אַליין ניט די שולדיגע?!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָט האָט איר טיינעס צו אַמעריקע, פאַרוואָס זי האָט פאַרמאַכט אירע טויערן, אָפּגעשטעלט די אימיגראַציע אַז בלויז אַ קליינע צאָל קען אַריינקומען ווי אַלטע, אָפּגעלעבטע מענטשן און קליינע קינדער.

און איך זאָג אייך, אַז איר, קאָמוניסטן, זייט די שולדיגע... וואָלט איר ניט געווען — ווי מען זאָגט אין אַמעריקע — קיין „קיקערס“, נאָר געווען צופרידן מיט אַלץ און מיט אַלעמען, וואָלט עס ניט גע־קומען צו דעם, אַז אַמעריקע זאָל צומאַכן די טויערן.

דאַכט זיך, „גרינהאָרנס“, איר קענט דאָך אפילע ניט ריכטיג די אַמעריקאַנער שפּראַך, איר זייט אפילע ניט קיין אַמעריקאַנער בירגער. ערשט ניט לאַנג פון שיף אַראָפּ, און איר האָט שוין טיינעס צו אַמעריקע, אַז דער פּרעזידענט און די גאַנצע אָרדנונג דאָ טויג אויף קאַפּאָרעס...

קומען די וואַלן, שטעלט איר אַרויס אייגענע קאַנדידאַטען. איר זאָגט, אַז די רעפּובליקאַנער און די דעמאָקראַטישע טויגן ניט. וואָס איז? אין „יוראָפּ“ איז אייך דען געווען בעסער? אויב יאָ, טאָ

צו וואָס זייט איר איינגאַנצן אַהערגעקומען? און אויב מ׳גלייבט ניט, פאָרט מען צוריק און מ׳מאַכט ניט קיין טאַראַראַם!

איך ווייס, גאַנץ גוט, וואָס אייער אַבזיכט איז: איר קאָמוניסטן, ווילט זיך אַלץ פאַרמערן און פאַרמערן, און ווען איר וועט דאָ זיין אין אַ גרויסער צאָל, וועט איר דאָ מאַכן אַזאַ איבערקערעניש ווי אין רוסלאַנד. איר וועט צונעמען דאָס האָב־און־גוטס פון די מיליאָנערן און עס אַוועקגעבן צו די אַרבעטער. זייער שיין וואָלט דאָס אויסגעקוקט!

איצט, זאָגט אַליין, זייט איר ניט די שולדיקע?! ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דערפאַר איז מיין מיינונג:

ווילט איר, אַז די רעכטע זאָלן אויפהערן צעברעכן די יוניאָנס, איז — לאָזט זיי נעמען גרעפט און מאַכט אַ שווייג...

ווילט איר, אַז דער „פאָרווערטס" זאָל אויפהערן אייך צו טשעפּען, איז — גיט־אויף די „מאָרגן־פרייהייט" און ווערט צוריק „פאָרווערטס"־לייענער...

ווילט איר, אַז אַמעריקע זאָל צוריק עפענען די טויערן, איז — הערט־אויף צו זיין „קיקערס", און זאָגט: „אַמעריקע איי לאַוו יו"...

איצט, טוט ווי איר פאַרשטייט. איך בין נאָר איינער — און „איין שוואַלב קען קיין זומער ניט מאַכן"...

# ער טוט, וואָס דער „פאָרווערטס" הייסט

מיטאָג־שאָ, שפּאַצירנדיק אַרום דער אַרבעטער־בערזע, האָב איך באַמערקט אַ „פאָרווערטס" ליגן אויסגעשפּרייט אַף דר'ערד. דער דאַטום איז געווען פון דעם זעלבן טאָג. איך האָב זיך געטראַכט: אַ רעכּטער האָט אים אַוודע אָקאָרשט געקויפט און אים פאַרלאָרן.

גייענדיק אַביסל ווייטער, באַמערק איך נאָך איינס; נאָך אַביסל ווייטער — באַמערק איך נאָך איינס.

— וואָס זאָל דאָס זיין? — שטעל איך זיך אַליין די פראַגע. — ס'קען דאָך ניט זיין, אַז דריי רעכטע זאָלן האָבן פאַרלאָרן זייערע צייטונגען.

גייענדיק אָבער נאָך אַביסל ווייטער האָב איך באַמערקט, ווי אַן אָפּגעפרעסענער פעטער מאַן טראָגט עטלעכע „פאָרווערטסן" אונטערן אָרעם און שפּרייט איינעם אויס אַף דר'ערד און גייט זיך ווייטער.

איך האָב אויפגעהויבן דעם „פאָרווערטס", צו צום מאַן, אָפּגעגעבן אים דעם „פאָרווערטס" און צו אים געזאָגט:

— מיסטער, איר האָט פאַרלוירן דעם „פאָרווערטס".

— איך האָב שוין גאָר ניט פאַרלוירן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ נארישן שמייכל — איך האָב אים אַליין אויסגעשפּרייט.

— איר האָט עס שוין אַוודע אויסגעלייענט? — פרעג איך.

— וואָס פאַלט אייך איין? איך האָב עס אָקאָרשט געקויפט.

— טאָ פאַרוואָס פאַרשפּרייט איר עס אויס אין גאַס?

אָנשטאָט מיר צו ענטפערן, גיט ער מיר צו לייענען אַן אויפרוף אין „פאָרווערטס", וועלכער לייענט זיך:

„זעט, אַז דער „פאָרווערטס" זאָל וואָס מער פאַרשפּרייט ווערן אַף דער אידישער אַרבעטער־גאַס!"

נו, איצט פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס איך טו דאָס?...

# איזי „סטרייק"

איזי סטרייק איז א מענטשל, וואָס טוט קיינמאָל גאָרנישט, לעבט פון געלט וואָס ער שפּאָרט אָפּ פון סטרייקס. ווי נאָר ער הערט, אַז מען רופט א סטרייק (עס מאַכט ניט פון וואָס פאר א פאַך) עפנט ער זיך א שאַפּ אין א קליין שטעטעלע לעבן ניו יאָרק, דינגט עטלעכע סקעבס און ווערט א באָס.

ער לויפט ארום צווישן די ניו יאָרקער מאַנופעקטשורערס, און קריגט ארבעט וויפיל ער אליין וויל נאָר. אזוי נאָך מאַכט ער גענוג געלט צו לעבן ביז מען רופט א צווייטן סטרייק.

אנומעלטן, ווען די רעכטע האָבן גערופן א סטרייק, האָב איך אים געטראָפן.

— מאַכסט געלט, איזי?

— אַגמעס־נעפעש, ניט קיין געלט... — און נעמט זיך באַקלאָגן — ווי אלע מאָל האָב איך געעפנט א שאַפּ, ארייננעלייגט וואָס איך האָב געהאַט, לויף ארום נאָך ארבעט, און קריג ניט, וואו איך קום לאַכט מען פון מיר: ס'איז דען א סטרייק? — זאָגן די מאַנופעקטשורערס, — ס'איז בלויז א פּייק־סטרייק. אָט, באַלד הויבט מען אָן צוריק ארבעטן.

— און איצט וועסטו נאָך אלץ עפענען שעפּער אין צייט פון א סטרייק?

—עפענען וועל איך, אָבער נישט בא א רעכטן סטרייק, נאָר בא א סטרייק וואָס די לינקע וועלן רופן, ווייל א סטרייק בא די לינקע מיינט — א סטרייק!

# „פּראָספּעריטי" איז שולדיק

סימכע קארגער. — דאָס איז ניט קיין צונאָמען, נאָר זיין עמע־סער נאָמען. וואָלט ער געטראָגן אַן אַנדער נאָמען, וואָלט מען אים סיי־ווי־סיי גערופן סימכע קארגער, ווייל ער איז פון דער נאַטור אַ קארגער.

אַ טעיווע האָט סימכע קארגער געהאַט, אַז פון באַנק פלעגט ער קיינמאָל ניט ארויסנעמען, נאָר אריינלייגן, אפילע אין „סלעק"־צייט פלעגט ער ניט ארויסנעמען, נאָר זיך אָנבאָרגן בא קרויווים, פריינט און באַקאַנטע, און אַז ער פלעגט אָנהויבן ארבעטן, פלעגט ער דאָן אָפּגעבן.

מיטן אָנקומען פון קריזיס, האָט סימכע קארגער פארלאָרן זיין דזשאַב. די ערשטע צייט האָט ער זיך אָנגעבאָרגט, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ „סלעק" אַזאַ, און אַז אָט־אָט קומט „פּראָ־ספּעריטי" גלייך צוריק, נאָר ארומדרייענדיק זיך עטלעכע מאָנאַטן און קיין דזשאַב האָט ער נאָך אַלץ ניט געפונען, און די באַלי־כויוועס האָבן שוין אויך גענומען מאָנען, האָט ער קיין אַנדער ברייירע ניט געהאַט, נאָר אַוועק אין באַנק ארויסצונעמען די פּאָר טולער.

ווען מיסטער קארגער איז אריין אין באַנק, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צום פענסטערל, וואו מ'נעמט ארויס געלד.

דער פּאָרטער איז צו אים צוגעקומען: — מיסטער קארגער, איר שטייט ניט אין דער ריכטיקער ריי.

— כ'ווייס, כ'ווייס, — ענטפערט אים מר. קארגער אַ שטאַרק צעטראָגענער — אָבער גלויבט מיר, אַז עס איז לאַבלוטין ניט מיין שולד. דאָס האָב איך צו פארדאַנקען דער „פּראָספּעריטי"...

# ערעוו
# ״עוויקשאָן״

(איינאַקטער)

(געווידמעט מיין פֿאָטער)

פ ע ר ז אָ נ ע ן :

א י י ז י ק — אין די פופציקער יאָרן. א פריילעכער מענטש. א סימפּאַטיקער צו דער לינקער באַוועגונג.

ב י י ל ע — אייזיקס פרוי, מיט א פּאָר יאָר יונגער. א הויכע און פולע. א פּראָסטע אידענע.

מ י ס י ס ק ל י י ן — א שאָכנטע. אַן אַלטע פאַנאַטישע אי־דענע. רעדט מיט א פּוילישן אקצענט. זינגט צו באַם רעדן.

כ אַ ו ו ע ר — א יונגער יאַט.

כ אַ ו ו ע ר ט ע — אין די פופציקער יאָרן.

ל ע נ ד ל אָ ר ד — ארום זעכציק יאָר אַלט. א באַלעבאַטישער איד מיט א באָרד. קליין און גראָב ווי א יאַטקע־קלעצל. רעדט מיט א גאַליציאַנעם אקצענט.

די סצענע קומט פאָר אין עס־צימער. איין טיר — אריינגאַנג פון גאַס; אַ צווייטע טיר — אריינגאַנג אין קיך. איין פענצטער צום הויף. אינמיטן — אַ טיש. ארום — עטלעכע שטולן. אַן אַלטע צעבראָכענע סאָפע. אַ גראַמאָפאָן. אַ שראַנק מיט גלאָזווארג. אַף די ווענט — עטלעכע מישפּאָכע־בילדער, און אַ שפּיגל.

אייזיק זיצט אַף אַ שטול. לייענט די „מאָרגן־פרייהייט". ביילע זיצט אַף דער סאָפע. לייגט לאַטעס אַף אַ ליילאַך.

ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף הערט מען שטאַרק קלינגען.

---

ב י י ל ע : — שש־שש־שש (סיהערט אויף קלינגען. זי רעדט שטיל) נו, וואָס טוען מיר איצט?

א י י ז י ק (שטיפעריש) : — אָט זעסטו דאָך וואָס מיר טוען: איך לייען די „מאָרגן־פרייהייט" און דו לייגסט נייע לאַטעס אַף אַלטע שמאַטעס.

ב י י ל ע (פאַרזאָרגט) : — איך מיין, וואָס וועט זיין, אַז דער לענדלאָרד וועט אונז כאַפּן און אונז געבן אַ „סאַמענס", האַ? וואָס וועלן מיר דאַן טאָן?

א י י ז י ק (גיט אַ צי מיט די אַקסלען) : — מירן גאָרניט נישט טאָן. מירן צונעמען דעם „סאַמענס" און „דאָצאָל".

ב י י ל ע (מיט אַ פאַרשטיקטער שטים) : — מיר האָבן קיין רענט ניט צו צאָלן, און דו וויצלסט זיך...

א י י ז י ק (שמייכלט) : — וואָס האָסטו געוואָלט: כ'זאָל עפּ־שער וויינען, קלאָגן? ס'איז ניט אַמאָל...

ב י י ל ע (אַביסל אויפגערעגט): — אייזיק, וואָס איז מיט דיר? ווי קענסטו זיך איצט דערלויבן צו וויצלען, אַז מ'קען יעדן טאָג ארויס־געוואָרפן ווערן אַף דער גאַס?...

א י י ז י ק (מיט שפּאָס) : —ביילקע, האָב ניט קיין מוירע. אונז וועט ער ניט ווארפן.

ב י י ל ע : — זאָג מיר נאָר וואָס פאר א יאכסאָנים זיינען מיר דאָס בא אים, הא?... אַט קלייבט ער זיך דאָך די טעג ארויסצו־ווארפן אונזער שאָכן, מיסטער קליין, וועט ער אונז ניט ווארפן?

א י י ז י ק : — ער וועט די קליינס אויך ניט ארויסווארפן. דו פארשטייסט, ביילקע: ער קען אונז ניט ארויסווארפן.

ב י י ל ע (ניט פאַרשטענדלעך): — איך פארשטיי שוין גאָרניט, זאָג מיר נאָר, כאָבעם מיינער, פארוואָס קען ער אונז ניט ארויסווארפן?

א י י ז י ק (שטיפעריש) : — פּראָסט־פּאָשעט: נאָר די מעבל קען ער ווארפן, אָבער ניט אונז... און אז מ׳קען מעבל ארויסווארפן קען מען עס דערנאָך צוריק אריינווארפן אויך. נישט אזוי, ביילקע?...

ב י י ל ע (נייגעריק): — וואָס מיינסטו מ׳וועט די מעבל צוריק אריינווארפן? ווער וועט צוריק אריינווארפן?...

א י י ז י ק : — מיר וועלן עס צוריק אריינווארפן.

ב י י ל ע (גלאָצט מיט די אויגן) : — מירביידע וועלן שוין גאָרניט צוריק אריינווארפן.

א י י ז י ק : — שרעק זיך ניט. ווען כ׳האָב געזאָגט מ י ר האָב איך ניט בלויז געמיינט אונז ביידען. און אז מיר ביידע איז וואָס?... מיר טאָרן עפשער ניט?...ס׳איז דאָך אונזער מעבל. אז זיי מעגן אונזער מעבל ארויסווארפן, מעגן מיר עס דערנאָך צוריק אריינוואר־פען... ניט אזוי, ביילקע?

ב י י ל ע (דערשראָקן) : — זיכער ניט! דאָס איז דאָך געגן געזעץ. נאָך דאָס פעלט אונז, אז מ׳זאָל אונז אריינזעצן אין „דזשייל“...

א י י ז י ק : — דערוויילע זעצט מען נאָך ניט. אויב יאָ, איז אויך ניט געפערלעך. גרעסערע מענטשן פון אונז זיצן אין „דזשייל“...

ב י י ל ע (אָביסל בייז) : — ווי איך זע קלייבסטו זיך שוין פּראַווען דיינע שטיק!...

א י י ז י ק : — ביילע, לאָז דאָס צו מיר.

ב י י ל ע (אויפגערעגט): — געגנוג געלאָזט אלץ צו דיר!...ווען ניט דו, קומען מיר ניט צו דעם אלעם. אלץ דיין שולד!...

א י י ז י ק : — פארוואָס איז דאָס מיין שולד, הא, ביילקע?

ב י י ל ע (צעהיצט): — ווייל באַלד ווי מיר זיינען געקומען קיין אמעריטשקע, האָב איך געזאָגט, אַז אמעריטשקע געפעלט מיר ניט — אַז מיר זאָלן פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד. האָסטו, אָבער, געזאָגט: אַז אמעריטשקע געפעלט דיר, אַז אמעריטשקע איז אַ גוט לאַנד, אַ פיין לאַנד, אַזוי ווי אַלע מאָל האָסטו דאַן דיין אקשאָנעס אויך אויסגעפירט.

א י י ז י ק (שמייכלט): — איך זאָג דאָס נאָך איצט אויך...

ב י י ל ע (שטאַרק בייז, צעשרייט זיך): — נאָך איצט אויך?! דו ביזט מעשוגע צי וואָס?! (פאַלט אַריין אין אַ וויינענדיק קאָל) אָט האָבן מיר ניט אַ טאָג איבערצולעבן, קיין רענט ניט צו צאָלן, מיר זיינען אַף געהאקטע צאָרעס, און דו זאָגסט נאָך אַלץ, אַז אמעריטשקע געפעלט דיר?

א י י ז י ק (מאַכט באַוועגונגען מיט דער האַנט): — שאַ, שריי ניט, די שכיינים קענען נאָך מיינען ,אַז מיר קריגען זיך. זעץ זיך נאָר צוריק אַוועק אין באַרואיג זיך. איך וועל דיר עפּעס דערמאָנען, וועסטו זען, אַז כ'בין שוין גאָרניט מעשוגע, אַז איך וויים וואָס איך רעד.

ב י י ל ע (זיפצט שווער פון אויפרעגונג): — אָלרייט, זאָל מען הערן.

א י י ז י ק (שטעלט זיך אויף. לאָזט איבער די „מאָרגן־פרייהייט" אַפן שטול. גייט צו דער סאָפע און זעצט זיך אַוועק. רעדט שטיל): — ווען מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אין די רומס, האָבן מיר דאָ געטראָפן: קאקערוטשעס, וואנצן, שפּינען און מייזלעך. איך האָב דאַן געזאָגט: ביילקע, לאָמיר מופן. האָסטו אָבער געזאָגט: כ'מוף ניט! פון אַזעלכע שיינע, ליכטיגע און לופטיגע רומס מוף איך ניט. איך וועל קויפן סאָם און פארסאמען די „נישט־גוטע" פון הויז. געדענקסט דאָס, ביילקע?...

ב י י ל ע (צעהיצט): — כ'געדענק, כ'געדענק!

א י י ז י ק: — אויב דו געדענקסט, איז גוט. ביזטו דאַן אַוועק אין דראָג־סטאָר און געקויפט: „פליט", „פלעזענט דרימס", „נאקעם דעד" און אַנדערע סאַמען, און אין אַ קורצער צייט האָסטו אויסגעראָמען די „נישט־גוטע" פון הויז ארויס. נו, זאָג אַליין: איז איצט ניט אַ פאַרגעניגן, צו וואוינען אין די צימערן?

ב ײ ל ע (אַביסל בײז): — אַ פאַרגעניגן! אַ שמאַרגעניגען! אָבער וואָס פאַר אַ שײכעס האָבן די רומס מיט אַמעריטשקע?

א ײ ז י ק: — ס׳האָט שוין גאָר אַ שײכעס מיט אַמעריקע: אַמעריקע איז אַ ו י ך אַ פײן, גוט לאַנד. פון אַלעמגוטן איז דאָ דאָ. מ׳דאַרף נאָר אויסראָטן די „נישט־גוטע" פון אַמעריקע. „נאַקעם־דעד": די וואָס ווארפן ארויס פון דזשאַבאַס, די וואָס ווארפן ארויס פון רומס; אַלע וואָס זײנען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די צאָרעס און לײדן פון די אַרבעטער — און אַמעריקע וועט דאַן זײן אַ מוסטער־לאַנד, וואו מענטשן וועלן קענען עמעס גליקלעך און צעפרידן לעבן.

ב ײ ל ע (ניט ווילנדיק טוט זי אַ שמײכל): — דו ביזט מיר עפּעס לעצטנס צו־קלוג געוואָרן.

א ײ ז י ק: — שרעק זיך ניט, בײלקע. דאָס איז ניט פון מײן קאָפּ ארויס. איך האָב דאָס געלײענט אין דער „מאָרגן־פרײהײט".

ב ײ ל ע (דערשטוינט): — פון וואַנען ווײסן דאָס די „פרײהײט" שרײבער וואָס ס׳טוט זיך בײ אונז אין הויז, האַ? איך ווײס, אײזיקל מאַמזער, ס׳איז פון דײן געמאַמזערטן קאָפּ ארויס...

א ײ ז י ק (צעפרידן): — די „פרײהײט" שרײבער ווײסן ניט נאָר וואָס עס טוט זיך בײ אונז אין הויז, נאָר זײ ווײסן, אַפילע, וואָס עס טוט זיך בײ אַלע אָרימע אַרבעטער אין זײערע הײמען.

ב ײ ל ע (גוטמוטיק): — דער באָבען דײנער קענסטו דאָס דערצײלן. די „פרײהײט" שרײבער זײנען ניט קײן ציגײנער אָדער קאָרטן־וואַרפער. נאָר אויב דאָס איז טאַקע יאָ געווען געדרוקט אין דער „פרײהײט", איז ניט אַנדערש, אַז דו האָסט עס זײ דערצײלט. איך האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז דו ביזט ווי אַ פרעמדער אין הויז — אַז אַלץ טראָגסטו פון הויז ארויס...

א ײ ז י ק (שמײכלט): — נו, זאָל זײן אַזוי. איך וועל זיך איצט ניט גײן מיט דיר זיך קריגן (וויל זיך אויפשטעלן).

ב ײ ל ע (כאַפּט איס אָן באַם האַנט): — זיץ. כ׳קריג זיך דען מיט דיר? (ער בלײבט זיצן) כ׳האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אַז אַלץ איז דײן שולד. ווען דו פאָלגסט מיר, אײדער די יו. עס. באַנק האָט צוגעַנומען אונזער שווער־אויסגעפּראַצעוועטע פאַר טולער און מיר פאָרן קײן „פּאַלעסטײן", וואָלטן מיר צו דעם אַלעם ניט געקומען. האָסטו זיך, אָבער, אײנגעשפּאַרט, אַז דו ווילסט פאָרן קײן „בירזשע"...

א י י ז י ק (שיסט אויס אַ געלעכטער): — וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אז א „בירזשע“ איז א פּלאַץ וואו מ'שפּעקולירט: מיט געלט, „סטאקס“, „שערס“ און „באָנדס“. אז ס'איז ניט „בירזשע“ נאָר „בירא־בידזשאַן“. דו הערסט, ביילקע, (ער ציט אויס די ווערטער) „ב—י—ר—אָ—ב—י—ד—ז—ש—א—ן“.

ב י י ל ע (אַביסל אויפגערעקט): — לאָך, לאָך, דיר איז גוט. דו האָסט זיך א מויל מיט געזונטע ציין, קענסטו ארויסרעדן אזעלכע שווערע ווערטער. אָבער, ווי זאָל איך דאָס קענען — מיט א מויל אָן ציין...

א י י ז י ק (מיט אַ סאַרקאַסטישן טאָן): — ס'איז דיין אייגענע שולד. איך האָב אַלע מאָל באַ דיר זיך געבעטן: ביילקע, הער אויף מאַלעגיירען דעם שמוציגן „פאָרווערטס“. האָסטו מיך, אָבער, ניט געוואָלט פאָלגן. נו, איצט האָסטו דיר דיין באַלוינונג — א מויל אָן ציין...

ב י י ל ע (אויפגערעגט): — וואָס האָט דער „פאָרווערטס“ צו טאָן מיט מיינע ציין, הא?

א י י ז י ק (גיט איראָניש אַ שמייכל): — ס'האָט זייער א סאַך צו טאָן — פון שמוץ פוילן זאכן... און לאָז מיר דיר זאָגן, אז ס'איז דיין אייגענע שולד, ניט מיינע. ווען דו הערסט זיך ניט צו צום שמו־ציגן, ליגנערישן „פאָרווערטס“, אז אין „בירא־בידזשאַן“ פרעסן די מאָסקיטאָס מענטשן, וואָלטן מיר איצט דאָרט געלעבט גליקלעך און צעפרידן! אָן „עוויקשאָן“ און אָן קריגערייען.

ב י י ל ע (מיט אַ וויינענדיג קאָל): — כ'וויים, דיר אַרט ניט, אז די מאָסקיטאָס וואָלטן מיך אויפגעגעסן...

א י י ז י ק (צעלאַכט זיך): — זע נאָר ווי זי האָט דאָס מוירע פאַר מאָסקיטאָס. וואָס איז, דאָ אין אַמעריקע האָבן מיר דען ניט קיין מאָס־קיטאָס? צוויי־פיסיגע מאָסקיטאָס, ווי באָסעס, לענדלאָרדס און באַנ־קירן, וועלכע זויגן אונזער בלוט? וואוינען מיר שוין באַלד צען יאָר אין ניו דזשוירזי. ניו דזשוירזי סטייט איז באַוואוסט פאַר אַ סטייט וואָס פאַרמאָגט א סאַך מאָסקיטאָס, און איך זע גאָרניט, אז זיי זאָלן האָבן פון דיר עפּעס אָפּגעגריזשעט. פונקט פאַרקערט: דו ביזט נאָך א סאַך פעטער געוואָרן.

ב י י ל ע (אַביסל אויפגערעגט): — כ'וויים דו פאַרגינסט עס מיר ניט!...

אייזיק (מיט אַ ליבלעכן שמייכל): — כ׳פאַרגין עס דיר מיטן גאַנצן האַרצן. נאָר גלויב מיר, ס׳וואָלט גאָרניט געשאַדט ווען דו ביזט ניט אַזוי פעט: דו וואָלסט אַ סאַך געזונטער זיך געפילט און אַ סאַך שענער אויסגעקוקט.

ביילע (צעשרייט זיך): — וואַ—עס? ! איך געפעל דיר שוין עפשער אויך ניט?...

אייזיק (מיט שפּאַס): — פאָלג מיך, ביילקע, שרייב אַ בריוול צו דיין „פאָרווערטס" רעדאַקטאָר, אַז דו ביזט אַן ערלעכע, קאָשערע אידענע, צינדסט ליכט יעדן פרייטיק אָף דער נאַכט, לייענסט די סעדרע אַלע שאַבעס, און דעם „פאָרווערטס" יעדן טאָג, אַ כּוח ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער, ווייל די טעג ערשיינט ניט דער „פאָרווערטס", און אַז זינט דיין מאַן איז געוואָרן אַ לינקער און אָנגעהויבן לייענען די „מאָרגן־פרייהייט", געפעלסטו אים ניט... און פרעג אים אַן אייצע...

ביילע (זיפצט): — אוי, ווען איך קען נאָר שרייבן! (סידערהערט זיך אַ קלונג אין טיר) שש־ שש־ שש (דערנאָך צוויי קלעפּ אין טיר) ווער קאָן דאָס זיין?

אייזיק: — וואָס דאַרפסטו טרעפן? עפן־אויף, וועסטו זען.

ביילע (שטעלט זיך אויף, עפנט די טיר): — האַלאָ, מיסים קליין, קאַמין!

מיסים קליין (קומט אַריין פּאַרטרויערט): — האַלאָ!

אייזיק (גוטמוטיק): — וואָס עפּעס אַזוי אומעטיק, מיסים קליין? און אַז ער האָט אייך געגעבן אַ „דיספּאָזעס", נו, איז וואָס? דאַרף מען זיך שוין לעבעדיגערהייט לייגן אין דר׳ערד אַריין? דערווייל האָט איר נאָך צייט צוויי טעג.

מיסים קליין (טרויערדיק): — די שאַנדע פּאָלייטע אַרויסגיוואָרפן צי ווערן מיט אַביסל אַלטע, ציבראָכינע, בידנע „פּאַניטשע" (זיפצט). ווען עך האָב כאָטש גיטע ווערטפילע „פּאָניטשע", וואָלטעם מעך ניט אַזוי געאַרט.

אייזיק: — אָט טאַקע דערפאַר וואַרפט ער אייך אַרויס: ווען איר האָט גוטע ווערטפולע מעבל, וואָלט ער דאָך אייך ניט געדאַרפט אַרויסוואַרפן.

ב י י ל ע (מישט זיך אריין): — ס'איז אָבער פּאַרט אַ שאַנדע. מיר אַליין וואָלט דאָס ניט געשמעקט.

א י י ז י ק (ערנסט): — אָרימקייט איז ניט קיין שאַנדע, נאָר אַ ווייטיק... מיר שעמען זיך מער ניט מיט אָרימקייט. מיר בעטן ניט בא רייכע טירן, נאָר צוזאַמען טראָגן מיר ארויס אין גאַס אונזער ווייטיק, אונזער אָרימקייט און מיר פאָדערן, וואָס אונז קומט! איר הערט, מיסים קליין — מיר פאָדערן, וואָס אונז קומט!

מ י ס י ס ק ל י י ן (ניט פאַרשטענדלעך): — וואָס מיינט עטץ?

ב י י ל ע (מישט זיך אַריין): — איר וועט אים ניט פאַרשטיין, מיסיס קליין. ער איז מיר לעצטנס אַ גאַנצער פילאָזאָף געוואָרן. איך אַליין קען אים ניט פאַרשטיין.

א י י ז י ק: — איך מיין, אַז איר האָט גאָרניט ניט וואָס מוירע צו האָבן. ער וועט אייך ניט וואַרפן פון די רומס.

מ י ס י ס ק ל י י ן (נייגעריק): — פאַרוואָס ניט?

א י י ז י ק (מיט אַ שמייכל): — ווייל אייך קען ער ניט ארויס־וואַרפן. איר פאַרשטייט: די מעבל בלויז קען ער וואַרפן. און אַז ער וועט די מעבל ארויסוואַרפן, וועלן מ י ר עס דערנאָך צוריק אריינוואַרפן.

מ י ס י ס ק ל י י ן (איבערראַשט, נייגעריק): — וועמען מיינט עטץ דוס, מ י ע ר?

א י י ז י ק (רעכנט אויס פאַמעלעך): — איך, איר, אייער מאַן, די שכיינעם, דער ארבעטלאָזער קאָונסיל (שטיפערײ) און אפילו מיין ביילקע.

ב י י ל ע (אַביסל בייז): — מיך לאָז ארויס פון די ביזנעס!

מ י ס י ס ק ל י י ן (אַביסל בעסער אויפגעלייגט): — עטץ האָט אַ גאָלדן האַרעץ, מיסטער הערץ. עטץ קענט מיט רייד דוס שווערסטע האַרעץ גרינג מאַכן. עך פיל זעך שוין יעטצט אַ סאַך בעסער (אייזיק גיט אַ ניס) צים געזינט און צים לעבן!

ב י י ל ע: — אַזאַ געזונט און לעבן אף אונזער לענדלאָרד! מיין אייזיקל האָט דאָך „העי־פיווער" און „אַסמע".

מ י ס י ס  ק ל י י ן (כאַפּט זיך): — יאָ, וועגן וואועס בינעך דוס צי ענק געקימען? (קלערט אַביסל) יאָ, זעך דערמאַנט. ווי עטץ ווייסט פאַקעך שוין אַן מאַן ביסל אורימקייט. טאָמער וואַרפט מ'עס ארויס זאָל עס כאָטש מער ניט ציבראַכן ווערן. און ווי עך פאַק אזוי, געפינעך אין אַ שיפולעד אַ לעטער. דעם לעטער האָבעך איינמול גיפינען אין מאַן לעטער־באַקס. עטץ זייט דאַן אין הויז ניט געווען. און עך האָב פאַגעסן ענק אופציגעבן דעם לעטער. בעסער שפּעטער ווי קיינמול ניט (זי נעמט אַרויס פון בוזעם אַ בריוו, גיט דעם בריוו אייזיקן).

א י י ז י ק (עפנט דעם בריוו נייגעריק, לייענט שטיל פאַר זיך. בעשאַסן לייענען שמייכלט זיין פּאָנים): — ביילקע, נעם זיך פּאַקן, מיר פאָרן!

ב י י ל ע (איבערראַשט, נייגעריק): — אייזיק, וואָס איז מיט דיר? וואָס פאַר אַ פּאַקן? און וואָס פאַר אַ פאָרן?

א י י ז י ק: — אָט הער וואָס מען שרייבט אונז (לייענט הויך) „אייער אַפּליקאַציע צו פאָרן קיין „בירא בידזשאַן" איז אָנגענומען געוואָרן. פאַר מער איינצעלהייטן קומט־ארויף אין „איקאָר"־אָפּיס".

ב י י ל ע (שרייט מיט קאַס): — וואָס איז, א י ך האָב שוין גאָרניט וואָס צו זאָגן? וואָס הייסט, דו האָסט אויסגעמאַכט אַן אַפּי־קאַציע צו פאָרן קיין „בירזשע"? דו ווייסט דאָך, אַז איך וויל אהין ניט פאָרן!

א י י ז י ק (שטריינג): — די ברײרע איז איצט בא דיר: ווילסטו, פאָר־מיט; אויב ניט, קענסטו זיך געזונטערהייט דאָ בלייבן.

ב י י ל ע (מיט אַ וויינענדיק קאָל): — כ'זאָל דאָ בלייבן ווילסטו, חאַ? מ'זאָל מיך ארויסוואַרפן אין גאַס, כ'זאָל אויסגיין פון הונגער...

א י י ז י ק (לעבעדיק): — טאָ פאָר־זשע מיט.

מ י ס י ס  ק ל י י ן (נייגעריק): — ווי גייט עטץ פורן, האַ?..

ב י י ל ע (טרויערדיק): — קיין סיביר וויל ער כ'זאָל מיט אים פאָרן...

מ י ס י ס  ק ל י י ן (איבערראַשט): — קיין סיביער?!.. דאָרט ווי פּאָניע כאַזער האָט פאַשיקט אויף קאַטאָרגע?!...

ב י י ל ע (זיפצט): — יאָ, יאָ, מיסיס קליין!

מ י ס י ס  ק ל י י ן (קוקט אים אָן דערשטוינט): — מיסטער הערץ, עטץ זייט דאָך עפּעס א קליגער מענטש, ווי קימ־טעס, וואוס עטץ גייט טיען אזא נארישקייט, הא?... אז פאָניע כאזער האָט פאַרשיקט קא סיביר, נו, האָט מע זיך ניט גיקענט העלפן. א סאַך זאַנען פון דאָרט טאַקע אַנטלאָפן אויעך, ווייל זיי האָבן ניט גיקענט אויסהאַלטן די צורעס; נאָר אַליין פורן אין א צורע, אין א געהענעם אראַן — דוס, זעט עטץ, פאַרשטיי עך ניט.

ב י י ל ע: — אָט דאָס טיינע איך דאָך (זי גייט צו נאָענט צו אייזיקן, רעדט מיט אַ לאַסטשענדיק קאָל) אייזיקל, טייערער, כ'וויל דיך עפּעס בעטן: ווען דו וועסט זיין דאָרט אין אָפּיס, בעט זיי, אָנשטאָט אונז צו שיקן קיין סיביר, זאָלן זיי אונז בעסער שיקן קיין פּאַלעסטיין...

א י י ז י ק (צעלאַכט זיך הויך אפן קאָל): — עפּשער וואָלסטו ארויפגעגאַנגען אין „איקאָר" אָפּיס און זיי דאָס געבעטן, הא,ביילקע? דיר וועלן זיי עפּשער צוליב טאָן.

מ י ס י ס  ק ל י י ן (צו אייזיקן): — פאָלגט אייער וואַב אין פוערט קא פּאַלעסטיין. פּאַלעסטיין איז פאָרט א הייליק, קושער לאַנד...

ב י י ל ע: — דאָס טיינע איך דאָך אַלע מיינע יאָרן: סיביר פאַר גויעם, און פּאַלעסטיין — פאַר אידן...

א י י ז י ק (איראָניש צו ביילען): — אַבי איך האָב געמיינט, אז צוליב די מאָסקיטאָס ווילסטו ניט פאָרן. (צו מיסעס קליין) פאַרוואָס ווילט איר דאַווקע, אז מיר זאָלן פאָרן קיין פּאַלעסטיין, הא?

מ י ס ע ס  ק ל י י ן (מיט אַ נאַריש צעפרידן שמייכל): —ציליב צוויי טאַמים: ערשטינס, אז מע באַגרובט אימיצן אין פּאַלעסטיין, עסן אים די ווערים ניט אויף, ווייל די ערד דאָרט לאָזט ניט צי קא ווערים צי די טויטע. צווייטנס, ווען מישיעך וועט קימען און סע וועט פאָרקימען טכיאַס האַמייסים, וועלן די טויטע פין פּאַלעסטיין ניט דאַרפן זעך קאָלערן קא ערעץ איסראָעל...

א י י ז י ק (צעלאַכט זיך): — ווייסט איר כאָטש, מיסיס קליין, אז אין אייער קאָשער, הייליג לאַנד, וואו די ערד לאָזט ניט צו קיין ווערים צו די טויטע, עסן די ווערים די אָרימעלייט לעבעדיגערהייט? — אז זיי ליגן דאָרט ניין אײלן טיף אין דר'ערד, אַז ס'הערשט דאָרט

אַרבעטלאָזיגקייט, אַז ווען מ'האָט ניט צו צאָלן קיין רענט, וואַרפט מען דאָרט אַרויס פון די רומס פונקט ווי בא אונז אין אַמעריקע?

ב י י ל ע און מ י ס י ס ק ל י י ן (צוזאַמען איבעראַשט):—
ט—אַ—ק—ע!

ב י י ל ע: — און אין ביר־דר־ר (ער העלפט איר אַרויס, זי זאָגט אים נאָך) בירא־ביד־זשאַן איז ניט אַזוי?

א י י ז י ק (לעבעדיק): — זיכער ניט! דאָרט איז ניטאָ קיין באָסעס, קיין לענדלאָרדס: מיר אַרבעטן פאַר זיך אַליין. מיר אַליין בויען פאַר זיך די הייזער. אַ ל ץ באַלאַנגט צו אונז און דערפאַר איז ניטאָ קיין אַרויסוואַרפער.

מ י ס י ס ק ל י י ן (צו ביילען): — אויב אַזוי, פאָלגט אייער „האָזבאַנד" און פועדט־מיט. זאָל אייערס איבערגיין... און אַז עטץ וועט שראַבן, אַז ענק איז דאָרט גיט, וועלעך מיט מאַנעם אויעך פורן...

ב י י ל ע (מיט אַ וויינענדיק קאָל): — די מאָסקיטאָס באַם לעבן און די ווערים נאָכ'ן טויט, זיינען בא אייך גאָרניט?

א י י ז י ק (איראָניש): — דו האָסט גאָרניט וואָס מוירע צו האָבן! מיר פאָרן ניט...

ב י י ל ע (איבעראַשט): — פאַרוואָס ניט?!

א י י ז י ק: — ווייל מיסים קליין האָט געבראַכט דעם בריוו צו־שפּעט. איצט האָבן מיר ניט קיין געלט, (שטיפעריש מיט אַ ניגון) און אָן געלט זיצט מען אינדערהיים...

ב י י ל ע (שטאַרק אויפגערעגט): — מירן שוין גאָרניט זיצן אינדערהיים. פון דיינע כאָכמעס וועלן מיר זיצן אין גאַס...

א י י ז י ק (איראָניש): — און איך האָב אַלע מאָל געמיינט, אַז דו האָסט ליב — זיצן אין גאַס... ווייל זינט איך קען דיך, זיצטע אָפּט אין גאַס מיט די אידענעס און מוטלסט, און איצט האָסטו גאָר מוירע צו זיצן אין גאַס?

מ י ס י ס ק ל י י ן (פילט זיך שולדיק): — אויב ציליב מיער, דאַרפט עטץ זעך ניט קריגן (נעמט גיין צו דער טיר).

ב י י ל ע (גייט איר נאָך, עפנט די טיר): — וואָס איילט איר זיך?

א י י ז י ק (שרייט נאָך) : — מיסים קליין, פארגעסט ניט צו קומען מיט אייער מאַן צום הויז־מיטינג!

מ י ס י ס  ק ל י י ן : — מירן קימען. גוט־נייט!

ב י י ל ע  און  א י י ז י ק (צוזאַמען) : — גוט־נייט!

(ביילע פאַרמאַכט די טיר. באַלד דערהערט זיך אַ קלונג.ביידע בלייבן שטיל. דערנאָך — צוויי קלעפּ אין טיר. ביילע עפנט די טיר, דערזעט אַ מאַן און אַ פרוי מיט פּאַפּירן אין האַנט. דערשרעקט זיך).

ב י י ל ע (מיט אַ ציטערנדיק קאָל): — וואָס פאַרלאַנגט איר, וואָס?

כ א ו ו ע ר ט ע : — אייער מאַן איז דאָ אינדערהיים?

ב י י ל ע (ציטערט אינגאַנצן) : — אַ „סאַמענס“, האַ? ער איז ניטאָ! (וויל שוין פאַרמאַכן די טיר).

כ א ו ו ע ר ט ע (האַלט צוריק די טיר) : — ניין, ניט קיין „סאַמענס“ האָבן מיר אייך געבראַכט; מיר זאַמלען אונטערשריפטן ארויפצושטעלן די קאָמוניסטישע קאַנדידאַטן אויפן באַלאָט.

ב י י ל ע (קוקט זיי אָן מיט פאַרכידעשטע בליקן) : — מיר מישן זיך ניט אין קאָמוניסטישע ביזנעס... (וויל פאַרמאַכן די טיר).

א י י ז י ק (שרייט) : — ביילע, רעדסט פאַר זיך אַליין. לאָז זיי אַריין.

כ א ו ו ע ר : — פונדעסטוועגן לאָזט אונז אַריין. אַז איר וועט אויסהערן וואָס מיר האָבן צו זאָגן, וועט איר זיך עפּשער אויך מישן.

ב י י ל ע (לאָזט אַריין) : — אַלרייט, זאָל מען הערן.

כ א ו ו ע ר : — צו אַלעם ערשטן זיינען מיר ארבעטער. איר זייט דאָך אוודאי אויך ארבעטער, נישט אַזוי?

ב י י ל ע (איבערראַשט, נייגעריק): — „שוער“ זיינען מיר ארבעטער. וואָס האָט איר געדענקט זיינען מיר?

א י י ז י ק (מישט זיך אַריין) : — ניין, ביילקע, מיר זיינען טאַקע ניט קיין ארבעטער...

ב י י ל ע (גלאָצט אויס די אויגן) : — גווירעם זיינען מיר עפּשער?... אונזער אַשירעס אויף אונזער לענדלאָרד געזאָגט!..

א י י ז י ק (שפּאַסיק): — קיין גווירעם זיינען מיר טאַקע ניט, אָבער קיין אַרבעטער אויך ניט... דו פאַרשטייסט,ביילקע: אַמאָל, ווען כ'האָב געאַרבעט, זיינען מיר טאַקע געווען אַרבעטער, און איצט זיינען מיר אַרבעטלאָזע.

(אַלע שמייכלען).

כ אַ ו ו ע ר ט ע: — איז עמיצער באַ אייך אין הויז אַן אַמע־ריקאַנער בירגער?

ב י י ל ע: — „שוער". מיר זיינעןביידע אַמעריקאַנער בירגער.

כ אַ ו ו ע ר ט ע: — אויב אַזוי, איז גוט.

ב י י ל ע: — אין וואָס באַשטייט די גוטסקייט, אַ? מיר ליידן דאָך הונגער פּונקט אַזוי גוט — ווי ניט־בירגער. און מ'וואַרפט אונז אַרויס פון די רומס פּונקט אַזוי גוט — ווי ניט־בירגער.

כ אַ ו ו ע ר: — איר זייט פאַלקאָם גערעכט. די גוטסקייט באַ־שטייט נאָר בלויז אין דעם וואָס איר קענט זיך באַטייליגן אין די וואַלן...

ב י י ל ע (מיט כויזעק): — אַ גליק האָט מיר געטראָפן!.. שוין אַ היבש־ביסל יאָר ווי מיר שטימען, איז וואָס האָבן מיר דערפון? פון איין עלעקשאָן ביזן צווייטן, ווערט ערגער און ערגער.

כ אַ ו ו ע ר ט ע: — די צאָרע איז, וואָס איר שטימט ניט פאַר די ריכטיגע קאַנדידאַטן.

ב י י ל ע: — אַלע קאַנדידאַטן זיינען גלייך. איידער זיי ווערן עלעקטעט זאָגן זיי צו — גאָלדענע גליקן... דערנאָך פאַרגעסן זיי אינגאַנצן אין די צוזאָגעכצן.

א י י ז י ק (מישט זיך אַריין): — אייערע קאַנדידאַטן זיינען דען בעסער?

כ אַ ו ו ע ר: — זיכער! אונזערע קאָמוניסטישע קאַנדידאַטן קומען רעדן צו די אַרבעטער, ניט בלויז אין צייט פון די וואַלן, נאָר אַ גאַנץ יאָר קעמפן זיי פאַר די אַרבעטער און מיט די אַרבעטער!

א י י ז י ק: — וואָס אַזעלכעס טוט איר?

כ אַ ו ו ע ר: — מיר קעמפן: אַז די וואָס אַרבעטן ניט, זאָלן קריגן אַרבעטלאָזיגקייט אינשורענס — רעליף, אַז מ'זאָל קיין אַרבעטס־

לאָזע ניט אַרויסוואַרוואַרפֿן פֿון די רומס; און געגן הויכע פּרייזן אָפּ לעבנס־מיטל.

ב י י ל ע (מיט אַ טאָן פֿון גאַסטפֿריינדלעכקייט): — הייסט עס, אַז איר העלפֿט גאָר אָרימעלייט? אַבי איך האָב געמיינט...

א י י ז י ק (טראָגט אונטער צוויי שטולן): — זעצט זיך. רוט זיך אָפּ אַביסל.

כ אַ ו ו ע ר און כ אַ ו ו ע ר ט ע (צוזאַמען): — אַ דאַנק, (ביידע זעצן זיך אַוועק).

א י י ז י ק: — פֿונוואַנען האָט איר דאָס אויסגעפֿונען אונזער „פּעטענט"?

כ אַ ו ו ע ר: — גייענדיק צווישן אַרבעטער־היימען געפֿינט מען אַלץ אויס.

א י י ז י ק (שמייכלט צו ביילען): — נו, זעסטו שוין, אַז כ'האָב דיר קיין ליגן ניט געזאָגט, אַז זיי ווייסן אַלץ וואָס ס'טוט זיך באַ אָרימע אַרבעטער אין זייערע היימען. אַבי דו האָסט מיך בוישעט געווען — אַז כ'טראָג אַלץ פֿון הויז אַרויס...

כ אַ ו ו ע ר ט ע: — צו וואָס די „שערלאָק האָלמס" געשיכטעס: אַ קלוגג, צוויי קלעפּ? פֿאַרוואָס זייט איר אַזוי פּאַרזיכטיק אַריינצו־לאָזן מענטשן?

ב י י ל ע (מיט אַ זיפֿץ): — ווייל מיר האָבן ניט צו צאָלן קיין רענט. דער לענדלאָרד וואוינט ווייט פֿון דאַנען, און ווען ער קומט, טרעפֿט ער אונז ניט אין הויז... אייגענע און שכיינים האָבן מיר געגעבן דעם „פּעטען".

כ אַ ו ו ע ר ט ע: — וואָס וועט איר, אָבער, טאָן אַז דער לענד־לאָרד וועט אויפשליסן די טיר?

ב י י ל ע: — פֿון דעם זיינען מיר א ו י ך באַוואָרנט. מיר האָבן אַרונטערגענומען זיין שלאָס און אויפגעהאָנגען אַן אַנדער שלאָס.

כ אַ ו ו ע ר: — אָבער דאָס איז דאָך ניט קיין מיטל. לאַנג וועט דאָס דאָך אַזוי ניט קענען אָנגיין. ער וועט דאָך אייך אַמאָל כאַפּן.

ב י י ל ע (שטיל צו זיך): — אַז כאַפּן זאָל אים פֿריער דער ריעך.

א י י ז י ק: — נו, איר האָט אַ בעסערן מיטל? אדראַבע, זאָגט?

כ אַ ו ו ע ר: — זיכער! מיר אָרגאַניזירן הויז־קאָמיטעטן און בלאָק־קאָמיטעטן. ס'הייסט, מיר אָרגאַניזירן אין יעדן בלאָק א קאָ־מיטעט, וואָס טראָגט אױף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו רופן רענט־סטרייקס און... — — — — —

ב י י ל ע (שלאָגט אים איבער די רייד): — פאַר אונז איז ניט וויכטיג קיין רענט־סטרייק, ווייל מיר האָבן קיין ביליגע רענט אויך ניט צו צאָלן.

כ אַ ו ו ע ר ט ע: — נו, די בלאָק־קאָמיטעטן און דער אַרבעט־לאָזער קאָונסיל זעען אייך אין דעם פאַל צו העלפן.

א י י ז י ק (מיט אַן ערנסט פּאָנים): —„טשאַריטי זאָגט איר צו, אַ? (ער מאַכט דעם איינדרוק ווי ער פילט זיך באַליידיגט).

כ אַ ו ו ע ר: — ניין, ניט קיין „טשאַריטי“, נאָר אַרבעטער־הילף, אָרגאַניזאַציע — קאַמף!

ב י י ל ע (אַביסל בייז): — אייזיק, וואָס קריגסטו זיך מיט זיי? דו זעסט דאָך, אַז די מענטשן מיינען אונזער טויווע — אַז זיי זיינען געקומען אונז העלפן.

כ אַ ו ו ע ר: — נו, איר וועט אונטערשרייבן?

ב י י ל ע (צו אייזיקן): — וואָס איז דאָ פאַראַן איינצושטעלן? שרייב אונטער. מירן זען וואָס ס'וועט דערפון אַרויסקומען, צי מיר וועלן עפּעס דערפון געניסן.

א י י ז י ק (שמייכלט): — וועל, ביילקע, אַז דו הייסט וועל איך אונטערשרייבן. (נעמט דעם פּאַפּיר פון כאַווערס האַנט, זעצט זיך אַוועק באַם טיש. שרייבט אונטער) נו, איצט, ביילקע, שרייב דו אונטער.

ב י י ל ע (זעצט זיך אַוועק): — וואו דאַרף איך עס אונטער־שרייבן, האַ, אייזיק? (אייזיק ווייזט איר אָן. זי שרייבט פּאַמעלעך. מ'זעט אַז ס'קומט איר אָן שווער. זי שוויצט. ווישט דעם שווייס פון שטערן. בעשאַסן שרייבן לייענט זי פאַר זיך אינדרשטיל) ב־י־י־ל־ע ה־ע־ר־ץ.

א י י ז י ק: — אָבער, זאָגט מיר נאָר, ווער זיינען דאָס אייערע קאַנדידאַטן, וואָס איר ווילט מיר זאָלן פאַר זיי שטימען?

כ א ו ו ע ר ט ע: — אונזער פרעזידענט־קאנדידאט איז פּאַס־טער, און ווייס־פּרעזידענט־קאנדידאט — פּאַרד.

ב י י ל ע (שפּרינגט אויף אַן אָנגעצונדענע): — וואָ־עס? ! פּאַרד דער אַנטיסעמיט, דער סוינע איסראָעל, דער־דער... נו, ס'איז אַ שווינדל. איר האָט באַ אונז אויסגעשווינדלט די אונטערשריפטן! מעקט־אויס אונזערע נעמען. מיר וועלן קיינמאָל ניט אונטערשרייבן פאַר אַזאַ...

א י י ז י ק (מיט אַן ערנסט פּאָנים): — דאָס מאָל, ביילקע, ביזטו גערעכט. איך וויל נאָר צוגעבן, אַז פּאַרד איז נאָך ערגער ווי אַן אַנטי־סעמיט: פּאַרד האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געהייסן דער פּאָליציי שיסן אַף אַרבעטלאָזע, און עטלעכע זיינען דערהאַרגעט געוואָרן.

כ א ו ו ע ר ט ע (שטעלט זיך אויף): — רעגט זיך ניט אויף, באַרואיקט אייך. מיר האָבן אייך ניט באַשווינדלט. אונזער פּאַרד איז ניט יענער פּאַרד וואָס איר מיינט...

כ א ו ו ע ר (שטעלט זיך אויף, נעמט אַרויס פון קעשענע אַ „מאָרגן־פרייהייט" און טייטלט אַף פּאַרדס בילד): — אונזער פּאַרד איז אָט־דער־אָ!

ב י י ל ע (קוקט זיך גוט צו צום בילד): — זעט אויס צו זיין אַ גאַנץ וואוילער מענטש. ער איז, נעבעך, פאַרשוואַרצט געוואָרן אין אַמעריטשקע, פּונקט ווי מיר...

כ א ו ו ע ר ט ע (שמייכלט): — ניין, ער איז ניט פאַרשוואַרצט געוואָרן. ער איז אַ נעגער.

כ א ו ו ע ר (שמייכלט): — ער איז אַן אַרבעטער קעמפער (צו אייזיקן) גיט אויך אַ קוק.

א י י ז י ק (צופרידן שמייכלט): —אויב ער געפעלט מיין ביילקען און זי איז צופרידן אים צו האָבן פאַר איר ווייס־פּרעזידענט, בין איך אויך צופרידן און כ'האָב ניט וואָס צו קוקן. נאָר פונדעסטוועגן וואָלט איר געמעגט בייטן זיין נאָמען (מיזעט, אַז ער האַלט זיך איין ניט צו לאַכן).

כ א ו ו ע ר און כ א ו ו ע ר ט ע (צוזאַמען): — פאַרוואָס? !

א י י ז י ק: — ווייל ס'פּאַסט גאָרניט פאַר אַ גוטן, ערלעכן

מענטשן צו טראָגן אַזאַ נאָמען. (מיזעט, אַז אָט־אָט פּלאַצט ער אַרויס מיט אַ געלעכטער).

ב י י ל ע (מישט זיך אַריין): — ס'מאַכט ניט, ס'מאַכט ניט, (צו אייזיקן) אָט נעם אונזער לענדלאָרד: ער טראָגט אונזער נאָמען — הערץ. פונדעסטוועגן האָט ער אַ האַרץ פון אַ גאַזלען, אַ רעצייעך. און מיר האָבן פיינע, גוטע מענטשלעכע הערצער. ער מעג זיך רופן פאָרד, אַבי ער וועט זיין גוט צו אידן...

כ אַ ו ו ע ר ט ע: — ניט נאָר צו אידן, נאָר צו אַלע אַרבעטער.

ב י י ל ע (כאַפּט זיך): — אוי, דער טשייניק! ער איז שוין אוואדע צעפּלאַצט פון קאָכן (לויפט אין קיך אריין).

א י י ז י ק (פּלאַצט אַרויס מיט אַ האַרציקן געלעכטער): — מיילע, אַז ס'איז שוין יאָ אַזוי, וועל איך אייך שוין אויסזאָגן: איך באַלאַנג שוין לאַנג צום אַרבעטלאָזן קאַונסיל. איך לייען די „מאָרגן־פרייהייט" (נעמט פונם ביינקל די „מאָרגן־פרייהייט" און ווייזט זיי) און איך ווייס שוין אַ סאַך מער ווי איר האָט מיר דאָ דערציילט. דער אַרבעטלאָזער קאַונסיל אָרגאַניזירט דאָס הויז פאַר אַ רענט־סטרייק. היינט באַנאַכט וועלן מיר האָבן אַ הויז־מיטינג. כ'האָב דאָס אומישנע צו אייך אַזוי גערעדט, קעדיי מיין ביילקע זאָל אונטערשרייבן. איר פאַרשטייט: זי שטימט קיינמאָל ניט איין מיט דעם וואָס איך זאָג: זאָג איך — יאָ, זאָגט זי — ניין; זאָג איך — ניין, זאָגט זי — יאָ. אַזאַ מענטש איז זי שוין. איז דערפאַר האָב איך אומישנע געשטעלט פראַגן קעגן אייך, קעדיי זי זאָל זיין מיט אייך...

ב י י ל ע (קומט צוריק מיט אַ הייסן טשייניק אין האַנט): — פון מיין האַקן דאָ אַ טשייניס איז אין קיך שיר דער טשייניק צע־פּלאַצט געוואָרן (אַלע צעלאַכן זיך) איר וואָלט עפּשער וועלן טרינקען אַ גלעזל טיי?

כ אַ ו ו ע ר און כ אַ ו ו ע ר ט ע (צוזאַמען): — אַ דאַנק!

כ אַ ו ו ע ר ט ע (גייט צו נאָענט צו ביילען): — מיר וואָלטן דאָס אייך גערן צוליב געטאָן, נאָר מיר דאַרפן נאָך היינט זאַמלען אַ סאַך אונטערשריפטן. נו, אַן אַנדערש מאָל. מירן אייך נאָך קומען זען. גוט־נייט (גייט צו דער טיר).

כ אַ ו ו ע ר: — גוט־נייט (גייט צו דער טיר).

א י י ז י ק און ב י י ל ע (צוזאַמען): — גוט־נייט.

(אייזיק לאָזט זיי ארויס. ווייל צוריק פאַרמאַכן די טיר, קען ער ניט. עמיצער האַלט צו די טיר. ס'שלייכט זיך אריין דער לענדלאָרד).

לענדלאָרד (צעהיצט): — עך האָב אַך געקעטשט!

ב י י ל ע (שטייענדיק באַ דער קיך־טיר מיטן טשייניק אין האַנט. צו זיך אינדערשטיל, קוים וואָס מ'הערט): — אז קעטשן זאָל אים שוין דער מאַלעך־האַמאָוועס!...

ל ע נ ד ל אָ ר ד: — וואוס האָט עטץ גיזוגט?!

ב י י ל ע (מיט כויזעק): — עטץ האָט געזאָגט וואָס עטץ האָט באַדאַרפט. (צו זיך אינדערשטיל) אַלעווייַ ווערט דאָס אים מעקיעם...

ל ע נ ד ל אָ ר ד (אויפגערעגט): — צאָלרייט! עך האָב אַלץ גיהערט. עך האָב גילויבט צי גאָט גיטע אויערן...

ב י י ל ע (צו זיך אינדערשטיל): — אַ שאַד...

א י י ז י ק: — וואָס האָט איר געהערט?

ל ע נ ד ל אָ ר ד (מיט קאַס) וואוס עך האָב גיהערט, איז פושיט אַ „שעים"... יידן זאָלן גיין טין אזא זאַך. עך, אַלס יידישער לענד־לאָרד, האָב געטין מאַן כוויוו — עך האָב גיזען צי האָבן אַ יידיש הויז. עך האָב ניט גיוואָלט פאַרענטן רומס צי קאַ גויאים. און איצט — ט'האָסטי דיר! אַ רענט־סטרייק! ווענעך האָב אַ הויז מיט גויאים טיען זיי דוס ניט!

ב י י ל ע (אויפגערעגט נעמט גיין צום לענדלאָרד): — זאָגט מיר נאָר: ארויסוואַרפן אידן מעג מען?..

ל ע נ ד ל אָ ר ד (אַביסל דערשראָקן): — דערוואַל האָבעך נאָך קיינים ניט גיוואָרפן, בלויז אַ „דיספּאָזעס" גיגעבן דוס אַלעם!

א י י ז י ק (קוקט אים אָן מיט שפּאָט): — וואָס האט איר גע־מיינט, מיסטער אידישער לענדלאָרד, איר וועט געבן „דיספּאָזעסעס" און מיר וועלן שווייגן, ווארטן ביז איר וועט ארויסוואַרפן? מיר האָבן אייך פריער געוואָרנט!

ל ע נ ד ל אָ ר ד (מיט כניפע): — מיסטער און מיסים הערץ, עטץ זייט דאָך אַלע מאָל גיווען אַזעלכע פאַנע, שטילע לייטע; וואוס איז עפּעס מיט אַך געוואָרן?..

א י י ז י ק (מיט איראָניע): — איר ווייסט דאָך ווי די וועלט זאָגט: שטיל וואסער גראָבט טיף...

לענדלאָרד (בייז): — הייסט עס, אז עטץ גרובט אויך אינטער מיער?

א י י ז י ק: — פארוואס זאָלן מיר דאָס זיין אַנדערש פון די איבעריגע טענענטס? דערצו נאָך האָב איך געהאט א טאטן א באַ־גרעבער. ניט איין לענדלאָרד האט ער באגראָבן... (לאַכט) ער האָט מיך אויסגעלערנט די מעלאָכע...

ל ע נ ד ל אָ ר ד (שטאַרק אויפגערעגט): אויב ס'אי־שוין יאָ אזוי, וועל עך אַך נאָך דיזע וואָך ארויסווארפן אין גאַס!

ב י י ל ע (צו זיך אינדערשטיל): — אז ווארפן זאָל עס אים ס'קעדאַכעס...

א י י ז י ק (מיט שפּאַס): — אונז וועט איר ניט ארויסווארפן, מיסטער אידישער לענדלאָרד!..

ל ע נ ד ל אָ ר ד (מיט אַ ביטערן שמייכל): — עטץ וועט מעך עפשער ניט לאָזן?

ב י י ל ע (מיט כויזעק): — עטץ קענט אונז ניט ארויסווארפן!

ל ע נ ד ל אָ ר ד (נייגעריק, צעטומלט): — פארוואועס ניט?

א י י ז י ק (קוקט אים אָן מיט שפּאָט): — די מעבל קענט איר ווארפן, אָבער ניט אונז. מיר, אָבער, קענען אייך יאָ ארויסווארפן. און אויב איר ווילט ניט פילן דעם טאם פון אַן ארויסגעוואָרפענעם, טאָ ווארפט זיך טאקע באלד ארויס...

ל ע נ ד ל אָ ר ד (מיט רעציכע):—פון מאַן הויז גייט עטץ מעך ארויסווארפן?

ב י י ל ע (גוטמוטיק, שמייכלט): — ניט פון אייער הויז, נאָר פון אונזערע רומס...

ל ע נ ד ל אָ ר ד (מיט ביטערקייט): — אייערע רומס איז דועס? עטץ צולט דען רענט? ! ס'איז מאַן הויז! עך האָב דום גיבויעט!..

א י י ז י ק (גייט צו נאָענט צום לענדלאָרד): — וואָס זאָגט איר? איר האָט דאָס הויז געבויט, דערפאר האָט איר א רעכט אונז ארויסצוואווארפן? הייסט עס, ווער ס'האָט דאָס הויז געבויט, דער האָט דאָס רעכט ארויסצואווארפן? אויב אזוי, האָב איך דאָס רעכט:

איך בין אַ בילדינג־אַרבעטער. איך האָב געבויט דאָס הויז (מאַכט אויף די טיר, רעדט שטרייג) וואַרפט זיך אַרויס!

לענדלאָרד (שרייט מיט גאַל): — וואָס איז דאָס? פון מאַן הויז! (ער רירט זיך ניט).

אייזיק (שטופּט אים מיט די הענט): — נו, יאַטקע־קלעצל, אַרויס פונדאַנען! (דער לענדלאָרד ווערט זיך, וויל זיך כאַפּן שלאָגן).

ביילע (אויפגעקאָכט... לאָזט זיך צום לענדלאָרד מיטן טשייניק): — אַרויס, „נישט־גוטס", צו אַלע שוואַרצע יאָר! איך גיס אייך באַלד אָפּ מיט קאָכעדיק וואַסער!

לענדלאָרד (דערשרעקט זיך. לויפט פון דער טיר אַרויס. פונדרויסן שרייט ער אַריין): — עך וועל אַך שוין ציינגן ווי מע וואַרפט אַרויס אַ לענדלאָרד!

אייזיק (שרייט אים נאָך): — איר דאַרפט דאָס אונז ניט ציינגן; מיר קענען די מעלאָכע גאַנץ גוט!.. (שפּייט אים נאָך) פּ־פּו (פאַרמאַכט די טיר. אָטעמט שווער).

ביילע: — ער האָט מאַזל, וואָס ער איז אַנטלאָפן (ווייזט דעם טשייניק) איך וואָלט אים געגעבן אַ „האָט־שאַוער"...

אייזיק (שמייכלט צופרידן):—אַבי איך האָב געמיינט, דו מישסט זיך ניט אין קאָמוניסטישע ביזנעס...

(ביידע לאַכן)

(פאָרהאַנג פאַלט)

## „הענדס אָוו פאָלים"

באַ אַן „עוויקשאַן", וואָס האָט געפירט צו אַ צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי, האָט אַ פרוי, וועלכע האָט געקראָגן עטלעכע קלעפּ פון אַ פּאָליסמאַן זיך צעשריען:

— „הענדס אָוו פּאָלים"! „הענדס אָוו פּאָלים"!

— איר האָט אַריינגעכאַפּט קלעפּ — פרעגט איר אַ כאַווער, וואָס איז איר געקומען צו הילף, — און איר שרייט נאָך „הענדס אָוו פּאָלים"?

— פאַרוואָס זאָל איך אים ניט שעלטן? — ענטפערט די פרוי אַ דערצאָרנטע.

— אָט אַזוי שעלט מען?... שעלטן וואָלט געמיינט ווען איר שרייט: די הענט זאָלן אים אַראָפּ.

— אָט דאָס טאַקע מיין איך דאָך...

## „אַנטיקן"

רעכטער: — איך בין אַ ליבהאָבער פון אַלטע אַנטיקן.

לינקער: — איצט פאַרשטיי איך שוין, פאַרוואָס דו קויפסט דעם „פאָרווערטס".

## דעם „פאָרווערטס" שולד

לינקער (צו אַן אַלטן מאַן, וואָס לייענט דעם „פאָרווערטס"):

— וואָס האַלט איר עפּעס אין איין געניצן?

אַלטער מאַן: — ווייל ווען איך לייען דעם „פאָרווערטס", מאַכט ער מיך צום שלאָפן...

# אַ בורזשואַזע קריינק

מיין באָס איז געלעגן קראַנק, האָט ער גערופן אַ דאָקטאָר, וועל־כער איז אַ פּאַרטיי־כאַווער.

דאָקטאָר (נאָך דעם ווי ער האָט אים אונטערזוכט): — זעט אויס, אַז איר זיינט ניט קיין אַרבעטער, נאָר אַ באָס.

קראַנקער (דערשטוינט): — פון מיין קריינק קאָנט איר דאָס זען?

דאָקטאָר: — זיכער. ווייל אַרבעטער קענען ניט קריינקען אויף אַזאַ קריינק.

קראַנקער (דערשראָקן): — פון וואָס לייד איך?

דאָקטאָר: — „נעבעך", פון פאַרשטאָפּונג.

# אַזש קאַלט געוואָרן

באָס (צו אַן אַרבעטער, וועלכער איז געקומען פרעגן פאַר אַ דזשאָב): — וואָס האָט איר זיך עפּעס אויפגעשטעלט דעם קאָלנער, ווען איך האָב אייך געזאָגט דעם פּרייז, וואָס איך צאָל?

אַרבעטער: — ווייל אַז איך האָב דערהערט דעם פּרייז, איז מיר אַזש קאַלט געוואָרן.

# ניט יעדער איינער קען דאָס זיין

באָס (צו אַן אַרבעטער): — וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו ווערסט רייך?

אַרבעטער: — איך וועל עס קיינמאָל ניט זיין.

באָס: — פאַרוואָס?

אַרבעטער: — איר דיינקט, אַפּאַנים, אַז יעדער קען זיין אַ שווינד־לער און אַ בלוטזויגער?...

# אַן אייזערנער מענטש

אַרבעטער (וועלכער איז געקומען פרעגן פאַר אַ דזשאַב): — האָט איר אַדווערטייזט פאַר אַן אַרבעטער?

באָס: — יאָ. אָבער נאָר פאַר אַ שטאַרקן מאַן...

אַרבעטער: — איך קאָן טאָן די שווערסטע אַרבעט.

באָס: — איר קוקט עס ניט אויס...

אַרבעטער: — איך ווייס! אָבער ווייסט איר, ווי מ'זאָגט, אַז „נויט ברעכט אפילע אייזן"?

# ביידע שלעכט

ביזנעס־אַגענט (צו אַ רעכטן): —דאָס זייגערל וואָס איר האָט מיר געגעבן, אַלס פּרעזענט פאַרן דזשאַב וואָס איך האָב אייך געגעבן, איז ניט ווי אַמבעסטן.

רעכטער: — און דער דזשאַב, וואָס איר האָט מיר געגעבן, איז אויך ניט ווי אַמבעסטן...

# געלעכערטע דאָלאַר בילס

— קענסט מיר עפּשער באָרגן אַ דאָלאַר? — פרעגט איין אַר־בעטלאָזער באַם צווייטן.

— פאַרוואָס ניט... כ'האָב אָבער געלעכערטע דאָלאַר בילס. וועסט זיי נעמען?

— זאָל זיין, אַבי באָרג.

דער אַרבעטלאָזער שטעקט אַריין די האַנט אין קעשענע, שלעפּט אַרויס די פּאָטשעווקע און ווייזט אָן:

— אָט זיינען זיי...

# אַ סקעב מיט אַ געוויסן

סטרייקער (זעענדיק אַ מאַן ארויסגיין פונם בילדינג, וואו ער סטרייקט): — אין וועלכן שאַפּ ארבעט איר?

סקעב: — אין ק. בראָדערס שאַפּ.

סטרייקער: — ווייסט איר, אַז דער שאַפּ איז אין סטרייק?

סקעב: — יאָ... אָבער וואָס ווילט איר פון מיר?

סטרייקער: — וואָס מיר ווילן פון אייך, פרעגט איר? מיר ווילן, איר זאָלט האָבן אין זיך אביסל מענטשלעכן געוויסן, ניט צו ארבעטן, ווען אָרימע ארבעטער סטרייקן.

סקעב: — טאָקע דאָס טו איך דאָך. איך ארבעט ניט, ווען איר סטרייקט.

סטרייקער: — וואָס הייסט?...

סקעב: — איר סטרייקט באַטאָג און איך ארבעט באַנאַכט.

# אַ זיסער מענטש

**מעקס: — ווייסטו סעם, אַז מיין באָס איז אַ זיסער מענטש?**

**סעם: — איך פאַרשטיי ניט! אָט האָסטו מיר ערשט אַנומעלט געזאָגט, אַז דיין באָס, איז ווי אַלע באָסעס, אַ ביטער עקלהאַפטער בלוט־זויגער און איצט זאָגסטו גאָר, אַז ער איז אַ זיסער מענטש?**

מעקס: — וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין? ער איז לעצטנס געווען באַם דאָקטאָר, האָט דער דאָקטאָר אים געזאָגט, אַז ער האָט אַ סאַך צוקער אין זיין קערפּער (צוקער קראַנקהייט). נו, איז ער ניט קיין זיסער מענטש?...

# איבער הונדערט און צוואנציק יאָר

אז אמעריקאנער איד, וועלכער שרעקט זיך שטארק, אז דאָס אידישע פאָלק זאָל כאָלילע ניט אונטערגיין, און דער אידישער גלויבן זאָל כאָלילע ניט פארגעסן ווערן, האָט אוועקגעשיקט זיין בען יאָכיד אין א כיידער, מען זאָל אים לערנען דאוונען.

איינמאָל זאָגט דער איד צו זיין אינגל:

— נו, מיין קינד, זאָג מיר, וואָס לערנט דיך דער רעבע?

— קאדיש זאָגן, לערנט מיך דער רעבע — ענטפערט דאָס אינגל.

— קאדיש גאָר! — ווערט אין קאס דער פאָטער און לאָזט זיך צום רעבען.

— וואָס הייסט, — היצט זיך דער פאָטער — איר לערנט גאָר מיין אינגל זאָגן קאדיש! דאכט זיך איך לעב נאָך דערווייל!

— שרייט ניט אזוי, — פרואווט אים בארואיקן דער רעבע, — א קאדיש ווילט איר האָבן ווען איר וועט שטארבן איבער הונדערט און צוואנציק יאָר?

— זיכער וויל איך, — ענטפערט דער איד.

— נו, טאָ זייט זיכער, אז ס'וועט אייער זונדל נעמען ניט ווייניקער ווי הונדערט און צוואנציק יאָר זיך אויסלערנען זאָגן קאדיש.

# „שלאָגנדע באווייזע"

— זאָגט וואָס איר ווילט, — זאָגט א רעכטער, — אונזערע באווייזן קעגן די לינקע זיינען „שלאָגנדע".

— זיכער, — ענטפערט א לינקער ארבעטער, — די לינקע ארבעטער, וועלכע זיינען מערדערלעך געשלאָגן געוואָרן פון אייערע גענגסטער, וועלן אליין באשטעטיקן אייערע ווערטער—אז אייערע באווייזע קעגן די לינקע זיינען „שלאָגנדע".

# אַ מאָדערנער שרייבער

ער האָט געהאַט אַ דראַנג צו שרייבן, אויך טעמעס, וועגן וואָס צו שרייבן, נאָר שרייבן האָט ער ניט געקענט. געגלויבט האָט ער, אַז ער קען יאָ שרייבן. האָט ער אָפט געשריבן זאַכן, און זיי אַוועקגעשיקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט", נאָר געדרוקט האָט מען זיי ניט. אָבער איינמאָל, איז זיינס אַ זאַך יאָ געוואָרן געדרוקט, מיסטאָמע, ווייל די טעמע איז געווען אַ גוטע.

אַז ער האָט איבערגעלייענט זיין זאַך אין דער „מאָרגן־פרייהייט", האָט ער עס ניט דערקענט. וואָס ער האָט יאָ דערקענט, איז געווען דאָס קעפּל און זיין נאָמען. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט און אָנגעשריבן אַ בריוועלע צו דער „מאָרגן־פרייהייט":

„טייערער מ. פּ. רעדאַקטאָר:

אויב איר נויטיקט זיך אין שרייבער, וועל איך ווערן אַ מיטאַרבעטער אין דער „מאָרגן־פרייהייט", — איך וועל אייך געבן די „קעפּלעך" און איר וועט שרייבן דאָס איבעריקע..."

# אַ ווייכהאַרציקער באָס

באָס (צו זיין אַרבעטער): — איר וואָלט עפּשער געוואָלט באַלאַנגען צו מיין לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטי?

אַרבעטער: — איך באַלאַנג שוין אין אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס נאָכן טויט פאַרברענט זי.

באָס (דערשראָקן): — פאַרברענען גאָר אַ טויטן!.. דאָס איז שרעקלעך! דאָס איז דאָך פּאָשעט אַ פאַרברעכן.

אַרבעטער: — מאָדנע, אַז איר ברענט און בראָט אייערע אַרבעטער באַם לעבן, איז דאָס בא אייך ניט קיין פאַרברעכן, נאָר נאָכן טויט איז דאָס אַ פאַרברעכן?..

## אַ קריזים-אַדרעס

קומט אַריין אַן אַרבעטער אין אַ שאַפּ זוכן אַרבעט.

— ס׳טוט מיר זייער לייד, — דערקלערט אים דער באַס, — נאָר אויב איר ווילט, לאָזט מיר איבער אייער אַדרעס. ווען כ׳וועל ווערן „ביזי״, וועל איך נאָך אייך שיקן. אייער נאָמען?

— דזשים.

— אַדרעס?

— סענטראַל פּאַרק, אָדער סאָבוויי.

## מיר נעמען בלויז אונזערס

געווען איז עס אין אַ רעגנדיקן טאָג. איך בין געלעגן קראַנק, איז מיך געקומען באַזוכן מיינער אַ ברודער, אַ האַלב „טאָג״ און האַלב „פאָרווערטס״ מענטשל. ער האָט אַריינשפּאַצירט אין הויז מיט די נאַסע קאַלאָשן.

— באַ אונז אין דער קאָאָפּעראַטיווער קאָלאָניע, — זאָג איך, — לאָזט מען די קאַלאָשן פון דרויסן באַ דער טיר.

— איך האָב טאַקע באַמערקט אַ סאַך קאַלאָשן באַ די טירן, — מאַכט ער, — מ׳נעמט זיי ניט צו?

— פאַרוואָס זאָל מען זיי צונעמען? מיר, קאָמוניסטן, נעמען ניט קיין זאַך, וואָס עס באַלאַנגט ניט צו אונז.

— איר ווילט דאָך צונעמען באַ די רייכע אַלץ, וואָס זיי האָבן?

— עמעס, — מאַך איך, — ווייל דאָס, וואָס זיי האָבן, איז אונזערס.

# איין רעליגיע איז ווייניק

ריידן אַרבעטער מיט האַס און עקל וועגן די סאָציאַל־פאַשיסטן און זייער גייסטלעכן פירער, נאָרמאַן טאָמאַס. רופט זיך אָפּ איין אַרבעטער:

— נאָרמאַן טאָמאַס דערמאָנט אָן יענעם בעטלער, וואָס פלעגט בעטלען סיי אין קירכן, סיי אין שולן.

— וואָס ביסטו: אַ איד אָדער אַ גוי? — האָט מען אים אַמאָל געפרעגט..

— די מאַיסע איז אַזאַ, — האָט דער בעטלער געענטפערט, — איך בין טאַקע אַ רעליגיעזער גוי, נאָר היינטיקע צייטן קען מען פון איין רעליגיע קיין לעבן ניט מאַכן.

# ביידע זיינען גערעכט

לערערן (אין פּאַבליק־סקול): — בעני! קענסט מיר זאָגן, וואָס פאַר אַ נוצן עס ברענגט אונז רעגן?

בעני: — רעגן מאַכט זאַכן צום וואַקסן, אַז מענטשן זאָלן האָבן צו עסן.

לערער (צו אַ צווייטן אינגל): — וויקי! ביסטו איינשטימיג מיט דעם, וואָס בעני זאָגט?

וויקי: — ניין.

לערער: — פאַרוואָס?

וויקי: — ווייל איך זע, ווי ס׳רעגנט אָפט, און בּאַ אונז אין הויז איז ניטאָ וואָס צו עסן...

## אַ „זעלטענע“ צייטונג

רעכטער (צו אַ לינקן נאָך אַ דיסקוסיע וועגן „פאָרווערטס“): — זאָג, וואָס דו ווילסט, דער „פאָרווערטס“ איז אַ „זעלטענע“ צייטונג.

לינקער: — איך לייקן דאָס שוין גאָר ניט אָפּ. זיכער איז דער „פאָרווערטס“ אַ „זעלטענע“ צייטונג... מ׳קען אין אים „זעלטן“ געפינען אַ ביסל עמעס... און זעלטן אַ לייטיש אַרטיקל...

## ער איז זיכער

אַלטער אַרבעטער: — איך צווייפל אין אַ סאַך זאַכן, וואָס דער „פאָרווערטס“ שרייבט.

יונגער אַרבעטער: — און איך צווייפל אין קיין זאַך ניט. איך בין אין אַלץ זיכער.

אַלטער אַרבעטער: — אַזוי, זיכער ביסטו אין אַלץ, וואָס דער „פאָרווערטס“ שרייבט?

יונגער אַרבעטער: — אַוואַדע בין איך זיכער, אַז אַלץ איז ליגן.

## „גערעיזט“

מייער: — מיין באָס האָט היינט שוין ווידער געשניטן די סכירעס.

סיימאָן: — איך פאַרשטיי ניט! אָט האָסטו מיר ערשט איינדערפרי געזאָגט, אַז דיין באָס האָט „גערעיזט“ דעם גאַנצן שאַפּ?

מייער: — וואָס פאַרשטייסטו ניט, כ׳האָב דען געזאָגט, אַז ער האָט „גערעיזט“ די אַרבעטער? כ׳האָב נאָר געזאָגט, אַז ער האָט „גערעיזט“ דעם שאַפּ פון 5טן שטאָק אַפן 10טן שטאָק...

# דריי רעכטע

דריי רעכטע האָבן צווישן זיך פאַרפירט אַ געשפּרעך. יעדער האָט געזאָגט זיין מיינונג פאַרוואָס ער איז אַ רעכטער.

איך בין אַ רעכטער — האָט איינער געזאָגט — ווייל די רעכטע ווילן אָפּשאַפן וואָך־אַרבעט און גייען איינפירן שטיק־אַרבעט. בין איך אַ רעכטער.

— איך בין אַ רעכטער — האָט זיך דער צווייטער אָפּגערופן — ווייל די רעכטע זיינען גוטהאַרציקע מענטשן. איך האָב אין צייט פון סטרייק געסקעבט און פאַר אַ פּאָר דאָלאַר בין איך געוואָרן באַ די רעכטע גוטשטייענד. טאָ פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט זיין קיין רעכטער ? !

— איך בין אַ רעכטער — האָט זיך דער דריטער אָפּגערופן — ווייל די רעכטע ווילן האָבן אַ ריינע פּראָלעטאַרישע יוניאָן, אָן גרעפט און גענגסטערס ?...

די ערשטע צוויי האָבן זיך צעלאַכט און אויסגערופן:
„אַזאַ גראָבן ליגן קען טאַקע נאָר אַ רעכטער זאָגן".

# אַ באַנק־אָנגעשטעלטער

— אַרבעטסט ? — פרעגט איינער באַם צווייטן.
— יאָ.
— באַ וואָס אַרבעטסטו ?
— כ'בין אַ באַנק־אָנגעשטעלטער.
— אָט דאָס הייסט זיך אַרויסגעאַרבעט. פון אַ קלאָוקמאַכער צו ווערן אַ באַנק־אָנגעשטעלטער.
— וואָס פאַרשטייסטו ניט ? גאַנצע טעג שטיי איך באַ אַ צוגע־מאַכטער באַנק אַרויסצוקריגן מיין שווער אויסגעהאָרעוועט געלט. נו, מיינט דאָס עפּשער ניט אַ באַנק־אָנגעשטעלטער ?

# אַ שילד פאַר אַ בלינדן

קומט אריין אַ בלינדער צו אַ שילדן־מאַכער, און דער בלינדער בעט אים אַז ער זאָל אים מאַכן אַ שילד: „איך בין בלינד, העלפט אַ בלינדן". דער שילדן־מאַכער איז געווען זייער פאַרנומען, אָבער ער האָט דעם בלינדן ניט געקענט אָפּזאָגן, האָט ער אים געהייסן קו־מען מאָרגן.

אױף מאָרגן קומט אריין דער בלינדער און דער שילדן־מאַכער דערלאַנגט אים די שילד. אָבער דער בלינדער איז געבליבן שטיין מיט פאַרביסענע ליפּן. פרעגט אים דער מאָלער צי ער פאַרלאַנגט עפּעס. ענטפערט אים דער בלינדער, אַז אים געפעלט ניט די שילד. ווערט דער מאָלער איבערראַשט: פון וואַנען ווייסט איר ווי די שילד זעט אויס?

ענטפערט אים דער בלינדער:

— איך בין נאָר בלינד צו זאַכן וואָס געפעלן מיר, ווייל איך קען זיי סיי ווי ניט קריגן, אָבער זאַכן וואָס געפעלן מיר ניט זע איך נאָך צופיל.

# צו שפּעט

מען האָט אַ מאַן אָנגעקלאָגט אין געריכט. קיין געלט אױף אַ לאָ־יער האָט ער ניט געהאַט, איז ער אַוועק צו אַ באַקאַנטן פּאָליטישן ער זאָל אים עפּעס העלפן. דער פּאָליטישן איז אַוועק צום דזשאַדזש זען וואָס ער קען עפּעס טאָן פאַר אים.

— ביסט געקומען צו שפּעט — האָט דער דזשאַדזש געזאָגט.

— וואָס הייסט צו שפּעט? — האָט דער פּאָליטישן געפרעגט.

— ווייל אַ פּאָליטישן פון צווייטן צאַד איז שוין פריער בא מיר געווען און איך האָב אים שוין צוגעזאָגט די טויווע.

# אַן עקזאַמען

לערער (פון אַ פּאַבליק־סקול): — וואו געפינען זיך פיש?
שילער: — אין וואַסער.
לערער: — ווערים און שלאַנגען?
שילער: — אין דער ערד.
לערער: — „מאָסקיטאָס"?
שילער: — אַף זומפּיקע פּלעצער.
לערער: — און „גאָרילאַס"?
שילער (אַ פּיאָנער): — אין די רעכטע יוניאָנס!...

# ריינע בירגער

סעם: — ווייסטו, אייב, אַז אַ טאָג נאָך די וואַלן זיינען די אַמע־ריקאַנער בירגער, וועלכע האָבן געשטימט פאַר די דעמאָקראַטן, רע־פּובליקאַנער און סאָציאַליסטן, ריין?

אייב: — פאַרוואָס?

סעם: — ווייל מ'האָט זיי געפירט אין באָד אריין.

# דער אונטערשייד

סעם: — ווייסטו אייב, דעם אונטערשייד פון אַ באָס (אַ נאָמען פון אָטאָמאָביל) פון גאַס, ביז אַ באָס אין שאַפּ?

אייב: — אדרבא, לאָז מען הערן.

סעם: — זייער לייכט צו דערקענען: אין איין פאַל טרייבן די אַרבעטער דעם באָס. אין אַ צווייטן פאַל טרייבט דער באָס די אַר־בעטער.

## געוואָרן אַ פּייערלעשער

— דו אַרבעטסט ? — פרעגט איין פּאָריער באַם צווייטן.
— צו ביסלעך.
— אין וועלכן שאַפּ אַרבעטסט דו ?
דער פּאָריער האָט אים געזאָגט אין וועלכן שאַפּ.
ווי קומט עס, וואָס דו אַרבעטסט נאָר צו ביסלעך ? — וואונדערט זיך דער פראַגע־שטעלער. — אין דעם שאַפּ איז דאָך איצט „ביזי“ ?
— עמעס. נאָר איך בין דאָרט אין שאַפּ דער פּייערלעשער.
— וואָס הייסט ?
— פּראָסט פּאָשעט, אַז ס׳ברענט שוין די אַרבעט אין שאַפּ, רופט מען מיך דאָן, אַז איך זאָל קומען לעשן.

## ווי אַזוי אַ שפּראַך איז געשאַפן געוואָרן

אין קלאַס פון „וועלט געשיכטע“ האָט אַ שילער געשטעלט די פראַגע:
— ווי אַזוי האָט זיך שפּראַך אַנטוויקלט ?
— שפּראַך — האָט דער לערער דערקלערט — האָט זיך אַנטוויקלט פון קלאַנגען. דער לערער גיט געוויסע ביישפּילן, נאָר דער שילער קען עס נאָך ניט באַגרייפן. דאַ הויבט אָן קלינגען דאָס גלעקל.
— און וואָס דער קלונג מיינט ווייסט איר ? — האָט דער לערער געפרעגט דעם שילער.
— יאָ, דאָס מיינט אהיימגיין.
— נו, און איצט פאַרשטייט איר שוין ווי אַזוי שפּראַך איז געשאַפן געוואָרן.

## „לאַקי־סטרייק"

סאַל: — וואָס איז דער אונטערשייד פון א „לאַקי־סטרייק" סי־גאַרעטל, ביז א „לאַקי־סטרייק" פון ארבעטער?
אייב: — פון א „לאַקי־סטרייק" סיגאַרעטל ברענט דעם ארבע־טער אפן האַרצן, און פון א „לאַקי־סטרייק" פון ארבעטער ברענט די באַלעבאַטים אפן האַרצן.

## אַ דאַנק דער „פרייהייט"

מייער: — ווי קומט עס, בערל, וואָס דו ליייענסט די „פרייהייט"? דו ביסט דאָך אַלע מאָל געווען מעשוגע פאַרן „פאָרווערטס".
בערל: — א דאַנק דער „פרייהייט" בין איך געוואָרן אוים מעשוגענער.

## הימל־קראַצערס

שפּאַצירן א גרופּע יאַטן אף בראָדוויי און איין יאַט, א וויצלער, רופט זיך אָפּ:
— איר ווייסט וואָס מיר איז איינגעפאַלן?
— מיר ווייסן שוין דיין אַלטן וויץ, — ענטפערן אַלע — דיין בויך — פון הונגער.
— ניט געטראָפן, מיר איז איינגעפאַלן, אז גאָט אין זיינע הימ־לישע ספערען מוז איצט שטאַרק בייסן.
— פאַרוואָס?
— אָט זעט איר דאָך, אז די בורזשוקעס בויען „הימל־קראַצערס".

# נאָך אַלץ מער

באָס (צו אַן ארבעטער, וואָס איז ערשט ארויפגעקומען ארבעטן):
— דאָ אין שאַפּ, זאָלט איר זיך פילן, ווי איר וואָלט געווען אליין דער באָס.

ארבעטער: — אָלרייט.

באָס (צום זעלבן ארבעטער, מיט עטלעכע טעג שפּעטער): — וואָס איז דער מער מיט אייך, איר גיט גאָר קיין ארבעט ניט ארויס?

ארבעטער: — האָט איר דען אליין ניט געזאָגט, אַז איך זאָל זיך פילן אין דעם שאַפּ ווי דער באָס אליין? טאָ וואָס ווילט איר? איך גיב דערווייל דאָך ארויס אַלץ נאָך מער ארבעט פון אייך!

# באַגרעבער

מעקס: — וואָס איז דער אונטערשייד צווישן רעכטן גע־זינדל — און אַ קאַברען?

בעני: — אַ פראַגע, צי איך ווייס, — אַ קאַברען באַגראָבט טויטערהייט, און דאָס רעכטע געזינדל — באַגראָבט די ארבעטער לעבע־דיקערהייט...

# אַ באָס אַ „וועגעטאַריאַנער“

סאַל: — ווייסטו, אַז מיין באָס איז אַ „וועגעטאַריאַנער“, עסט קיין לעבעדיקע זאַכן?

אייב: — טאָ ווי קומט עס, וואָס פון טאָג צו טאָג וועסטו אַלץ דינער?...

## גאָרילאַס

סעם: — וואָס איז דער אונטערשייד פון דער גאָרילאַ פון דעם רעכטן בינטל, ביז דער עמעסער גאָרילאַ (מאַלפּע)?

סאל: — מיט דער הילף פון דער עמעסער גאָרילאַ קען מען מאַכן אַ מענטשן פון אַלט יונג, און מיט דער הילף פון דער צווייטער גאָרילאַ קאָן מען מאַכן פון יונג און געזונט — אַלט און צעקריפּלט.

## אַ גוטע אורזאַך

פרוי (צו איר אידישן מילך־מאַן): — איר ווייסט, איך וועל אויפהערן קויפן בא אייך מילך, ווי כ׳האָב אויפגעהערט קויפן דעם „פאָרווערטס".

מילך־מאַן: — פאַרוואָס האָט איר אויפגעהערט קויפן דעם „פאָרווערטס"?

פרוי: — ווייל ער איז צו וואַסערדיק...

## אַ מאָדנע זאַך

ארבעטער (צו אַן „אינשורענס אגענט"): — איך וויל „אינשורן" מיינע זאַכן פאַר 5 טויזנט דאָלאַר.

אינשורענס־אַגענט: — איר קענט עס ניט.

ארבעטער: — פאַרוואָס?

אינשורענס־אַגענט: — ווייל אייערע זאַכן האָבן ניט אַזוי פיל די ווערט.

ארבעטער: — מאָדנע. מיין „באָס", וואָס האָט ניט די ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים, איז יאָ „אינשורט" פאַר 50 טויזנט דאָלאַר, און איך קען ניט „אינשורן" מיינע זאַכן פאַר 5 טויזנט דאָלאַר.

## וויסטעניש

קינד (צום פֿאָטער): — זיינען די רעכטע יוניאָנס וויסטעניש, וואָס קיין מענטשן געפינען זיך דאָרטן ניט?..

פֿאָטער: — פֿאַרוואָס דיינקסטו אַזוי?

קינד: — ווייל כ'האָב געהערט, אַז אין די רעכטע יוניאָנס געפינען זיך אַ סאַך „גאָרילאָס" (מאַלפּעס).

## זיי עפּענען מויכעס

אויף דער אַרבעטער־בערזע שטייען עטלעכע אַרבעטער, צווישן זיי בלויז איין (1) רעכטער און דיסקוסירן. דער רעכטער וויל איינריידן די אַרבעטער, אַז נאָר די רעכטע עפּענען די מויכעס און קעפּ פון די אַרבעטער... און ניט די לינקע.

ווי זיי דיסקוטירן אַזוי, קומט צו אַן אַרבעטער מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ און הערט זיך אַ ווײַלע צו צום רעכטנס טײַנעס.

— שאַ, שאַ! — רופט זיך אָפּ דער אַרבעטער מיטן פֿאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, — ער האָט רעכט!.. ער האָט רעכט!.. איר זעט מיין פֿאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ? די רעכטע האָבן אים געעפּנט...

## זיי קענען די מעלאָכע

לינקער: — מיר וועלן אייך שוין ציי‌גן, ווי מען צעברעכט יוניאָנס!

רעכטער: — איר דאַרפט אונז דאָס ניט ציי‌גן, מיר קענען די מעלאָכע, דאַנקען גאָט, זייער גוט.

## קענען זיך ניט גלייכן

— פאַרוואָס ווילסטו זיך מיט מיר ניט כאַווערן? — האָט אַן ארבעטער־קינד געפרעגט בא א רייך קינד.

— ווייל דיין טאַטע ארבעט, און מיין טאַטע ארבעט ניט.

נאָך עטלעכע וואָל־סטריט קראַכן איז דאָס רייכע קינד צוגעקומען צום אָרימען קינד און געזאָגט:

— איצט קענען מיר זיך שוין כאַווערן, ווייל מיין טאַטע ארבעט שוין אויך.

— נאָר מיין טאַטע ארבעט שוין ניט, — האָט דאָס צווייטע קינד געענטפערט.

## זייער לייכט צו ברעכן

סעם (א לערן־אינגל): — ס'וואָלט שוין צייט געווען, אַז איר זאָלט מיר געבן א „רעיז".

באָס: — איך גלויב אויך אַזוי, נאָר איך קען ניט, ווייל געבן א „רעיז" וואָלט געמיינט ברעכן מיין נאַטור.

סעם: — וואָס איז אייער נאַטור?

באָס: — צו זיין קאַרג.

סעם: — איז דאָך דאָס זייער לייכט: ברעכט דעם קאָרג און ניט א „רעיז".

## אַ קורצן זיקאָרן

פרעגט אַן ארבעטער: — פאַרוואָס שטימען ניט די באַריכטן פון „פאָרווערטס" פון איין טאָג אפן צווייטן.

ענטפערט פּאַשעט: — אַ ליגנער האָט אַ קורצן זיקאָרן און גע־קענט ניט דעם ליגן פון איין טאָג אפן צווייטן.

# דער מאָראַל־היטער

ס׳זאָל זיין לייכטער צו צאָלן דירע־געלט, האָבן צוויי ארבעטער־פּאָרלעך געגומען צימערן צוזאַמען. אפן צווייטן טאָג, ווי זיי האָבן זיך אריינגעצויגן אין די נייע צימערן, איז צו זיי ארויפגעקומען דער „לענדלאָרד״.

— וואָס זוכט איר ? — האָבן די כאַוויירים אים געפרעגט.

— כ׳זוך, וויפיל בעטן איר האָט.

— צו וואָס דאַרפט איר עס וויסן ?

— ווייל די צימערן האָב איך פאַרדונגען בלויז פאַר צוויי פּאָר־לעך, אָבער ניט פאַר פיר פּאָרלעך.

— ווי פאַלט אייך עפּעס איין, אַז מיר וואוינען דאָ פיר פּאָרלעך ?

— ווייל אפן בריוו־קעסטל זיינען דאָ פיר נעמען. אויב איר זייט צוויי פּאָרלעך, דאַרפן זיין צוויי נעמען, און אויב איר האָט בלויז צוויי בעטן, הייסט עס, אַז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק... בא מיר אין הויז וואוינען בלויז אָנשטענדיקע מענטשן...

דער סאָף איז געווען, אַז מ׳האָט צוגעזאָגט דעם „לענדלאָרד״, אַז צוויי פּאָרלעך וועלן זיך קומענדיקן כוידעש ארויסציען. אזוי איז טאַקע געווען. נאָר צוזאַמען מיט צוויי פּאָרלעך זיינען, אָבער, אויך פארשוואונדן די פיר נעמען פון בריוו־קעסטל.

# אַן איבערגעבענער באָס

סעם : — איז דיין באָס טאַקע אזוי איבערגעגעבן צו דיר, אַז ער פאַרטרויט זיך פאַר דיר אַלע זיינע „ביזנעס״ ?

בעני : — יאָ, ער דערציילט זיי מיר אַלע מאָל, ווען איך בעט בא אים א „רעיז״.

## קוים דערוואַרט

מ׳האָט צוריקגערוקט נאָך האַלבע נאַכט דעם זייגער אויף א שעה צייט, קעדיי דער זומער־טאָג זאָל זיין גרעסער. זיצט א היימלאָזער הונגעריקער אַרבעטלאָזער אין מעדיסאָן סקווער פּאַרק און קוקט אַזוי אויף דעם מעטראָפּאָליטאַן־זייגער. מיטאַמאָל — דער זייגער הויבט זיך אָן צו רוקן אויף צוריק.

— ניין, ניט באַ מיר! — שרייט אויס דער אַרבעטלאָזער, — כ׳האָב זיך שוין קוים דערוואַרט ביז איצט!...

## ער ווערט יונגער

— ווי אַלט ביסטו, — פרעגט איין אַרבעטער באַם צווייטן.

— זעקס יאָר, — ענטפערט דער צווייטער.

— וואָס הייסט ? ! — פרעגט פאַרוואונדערט דער ערשטער, — מיט א יאָר 6 צוריק האָסטו מיר נאָך געזאָגט, אַז דו ביסט 30 יאָר אַלט. דו ווערסט גאָר יונגער ?

— פאַרוואָס פאַרשטייסטו ניט ? — ענטפערט דער צווייטער, — די 6 יאָר בין איך געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און די 6 יאָר האָב איך ערשט געוואוסט, אַז איך לעב.

## ער וויל קאָמישאָן

א רעכטער יוניאָן לידער (צו א דאָקטאָר) : — זייט איר דער דאָקטאָר, וואָס האָט באַהאַנדלט דעם צעשניטענעם אַרבעטער ג. ?

דאָקטאָר : — יאָ.

רעכטער יוניאָן־לידער : — אויב אַזוי קומט מיר קאָמישאָן.

דאָקטאָר : — פאַרוואָס ?

רעכטער יוניאָן־לידער : — ווייל דאָס זיינען געווען מיינע גענג־סטערס, וואָס האָבן געמאַכט דעם דזשאָב.

# א י נ ה אַ ל ט :



## הומאָרעסקעס און מאָנאָלאָגן :

# א י נ ה אַ ל ט :



## איינאַקטער :



## שטיפעריי׳ען :